פראָלעטאריער אלער לענדער, פעראייניגט אייך!
דער אלגעמ. אידישער ארבייטערבונד אין ליטא, פוילען און רוסלאנד.

פרייז: 6 קאָפ., 2½ פענס, 30 פפעניג, 30 סאנטים, 30 העלער, 30 פפעניג.

ב. ב — קי.

**Ce que nous demandons.**

# אונזערע פאָדערונגען.

דער 2-טער טייל פון דער בראָשורע

## די קאָנסטיטוציע און אונזער פראָגראם.

ארויסגעגעבען פון
אלגעמיינעם אידישען ארבייטערבונד
אין ליטא, פוילען און רוסלאנד



זשענעוו,
דרוקעריי פון אלגעמיינעם אידישען ארבייטערבונד (בונד)
Imprimerie israélite, Rue de Carouge 81, Genève, Suisse.
יולי 1905 יאהר.

פראָלעטאַריער אַלער לענדער, פֿעראייניגט אייך!
דער אַלגעמ. אידישער אַרבייטערבונד אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

פרייז: 6 סענט, $2^1/_2$ פענס, 30 סאַנטים, 30 העלער, 30 פפֿעניג.

ב. ב—קי.

**Ce que nous demandons.**

---

# אונזערע פאָדערונגען.

דער 2-טער טייל פֿון דער בראָשורע:

## די קאָנסטיטוציע און אונזער פּראָגראַם.

אַרויסגעגעבען פֿון
אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד
אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

זשענעוו.
דרוקעריי פֿון אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד (בונד).
Imprimerie israélite, Rue de Carouge, 81. Genève, Suisse.
יולי 1905 יאָהר.

# אונזערע פֿאָדערונגען.

צווייטער טייל צו דער בראָשורע:

## די קאָנסטיטוציע און אונזער פּראָגראַם.

## די רעכטען און פֿרייהייטען פֿון די בירגער.

אין דעם ערשטען טייל האָבען מיר אַרומגערעדט די פֿאָדערונגען פון אונזער פּראָגראַם-מינימום, וועלכע געהערען צו דער מדינה-פֿיהרונג, צו דער פּאָליטישער אָרדנונג אין דער מדינה. מיר האָבען בעוויזען, וועלכע הויפּטבעשטימונגען דאַרפֿען אָנגענומען ווערען אין דער קאָנסטיטוציע, אויף וואָס פֿאַר אַ פֿונדאַמענט דאַרף זי (די קאָנסטיטוציע) געבויט זיין, אויב מיר ווילען, אַז דאָס פֿאָלק אַליין זאָל זיין דער אויבערהאַר איבער זיך, זאָל פֿון קיינעם ניט זיין אָבהענגיג און זאָל נעהמען זיין גורל אין די אייגענע הענד. *

אָבער דאָס גאַנצע פֿאָלק קען זיין פֿריי און יעדער איינצעלנער בירגער אָדער בירגערין בעזונדער קען אין דער זעלבער צייט זיין שטאַרק בעגרענצט אין זיינע פֿרייהייטען. דער איינצעלנער, דער יחיד — קען זיין דעספּאָטיש אונטערגעוואָרפֿען אונטער די געזעצען פֿון דער רעפּובליק אין האָבען וועניג פֿרייהייטען. דערפֿאַר זעהען מיר, אַז אין אַלע קאָנסטיטוציעס געפֿינען זיך נאָך גרונדבעשטימונגען, וועלכע פֿערוואָרענען און פֿערזיכערען די פֿרייהייט פֿון יעדען בירגער בעזונדער; די מעהרהייט אין פּאַרלאַמענט און מיט איהר די רעגירונג קענען זיך בייטען, זיי קענען ווערען פֿון ליבעראַל קאָנסערוואַטיוו אָדער אומגעקעהרט, און די רעכטען פֿון די בירגער בלייבען בעשטעהן, כל זמן די קאָנסטיטוציע ענדערט זיך ניט. עס איז שווער צו זאָגען, וועלכע בעשטימונגען פֿון דער קאָנסטיטוציע וויגען וויכטיגער, צו די, וואָס בעשטימען די מדינה-פֿיהרונג אָדער די, וואָס בעשטימען די רעכטען פֿון בירגער; זיי זיינען ביידע גלייך וויכטיג און ביידע פֿון איינאַנדער אָבהענגיג: אַקוראַט ווי מיר געפֿינען ניט אין דער איצטיגער צייט אַ מדינה מיט אַ אמת דעמאָקראַטישער פּאָליטישער אָרדנונג, אין וועלכער די בירגער זאָלען ניט

---

* אַז מיר זאָגען, דאָס גאַנצע פֿאָלק איז דער בעל-הבית איבער זיך, דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿיהרט די מדינה, איז דאָס בעצם ניט גאָר ריכטיג: אין פּאַרלאַמענט זיינען דאָ פּאַרטייען, די מעהרהייט בעשליעסט און די מינדערהייט מוז זיך אונטערגעבען. נאָר מיר דאַרפֿען ניט פֿערגעסען, אַז די מינדערהייט ליידט ניט אַזוי פֿיעל, ווי דאָס קען זיך אין פֿלוג דוכטען, ווייל די מעהרהייט אין די פּאַרלאַמענטען קען קיין מאָל ניט דורכפֿיהרען איהר „ריינעם" ווילען; אויב די מינדערהייט איז שטאַרק, גיט די מעהרהייט עטוואָס נאָך, מאַכט קאָמפּראָמיסען מיט דער מינדערהייט; די מינדערהייט האָט ווייטער די מעגליכקייט צו פֿערברייטען איהרע אַנזיכטען, איהרע פֿאָדערונגען און געווינען פֿאַר זיך די מעהרהייט אין פֿאָלק; דאַן, אויב די וואַהלען קומען נאָר פֿאָר לויט אונזערע פֿאָדערונגען, — וועט איהר שוין אין פּאַרלאַמענט אויך געהערען די מעהרהייט, און די מדינה-פֿיהרונג וועט איבערגעהן אין איהרע הענד.

זיין פּערזענליך פריי, איז דאָס גלייכען אונמעגליך אמת'ע פערזענליכע פריייהייט, אויב די מדינה-פּיהרונג איז ניט פאָלקאָמען דעמאָקראַטיש.
אין דיזען טייל ווילען מיר זיך אָבשטעלען אויף די פאָדערונגען פון אונזער פּראָגראַם, וועלכע האָבען אַ שייכות צו דיזען ענין.

## I. די פריייהייט פון דער פערזאָן.

אָנשטאָט צו זאָגען: „די פערזאָן איז פריי" — זאָגט מען געוועהנליך: „די פּרייהייט פון דער פערזאָן טאָר קיינער ניט אָנריהרען". די אונבעריהרבאַרקייט פון דער פערזאָן קען עקסיסטירען נאָר ביי געוויסע בעדינגונגען, און וועגען דיזע בעדינגונגען ווילען מיר דאָ ריידען. ס'איז ניט נויטיג צו פערליערען פיעל רייד און בעשרייבען ווי עס ווערט גע-טראָטען מיט די פיס די פּרייהייט פון די רוסישע איינוואָהנער. ווער עס וויל, ווער עס טראָגט נאָר אַ „מעשענעם קנעפעל", טהוט מיט דעם אונגליקליכען רוסישען איינוואָהנער, וואָס זיין האַרץ געלוסט. די פּאָליציי, פון גובערנאַטאָר ביז צום גאָראָדאָוואָי און סטראַזשניק, די זשאַנדאַר-מעריע אַרעסטירען אונשולדיגע מענשען, פערפינסטערען דעם לעבען פון זייערע קרבנות אין די געפענגניסען, אין סיביר. מיר ריידען דאָ ניט דוקא פון פּאָליטישע פערברעכער; מיר ריידען דאָ סתם פון אַ רוסישען „אונטערטאַן", אַ חוץ אַ הייפּעלע פריווילעגירטע דוואָריאַנעם. ווער קען דאָס אויסרעכענען וויפיעל קלעפּ ווערען אויסגעטיילט יעדען טאָג אין אַלע רוסישע אוטשאַסטקעס, אין די וואָלאָסטען, ביי די זעמסקי נאַטשאַר-ניקעס. וויפיעל מענשליכע לעבענס ווערען פערשוואַרצט, אומזיסט אומ-נישט, אין די טורמעס, ביז די אונטערזוכונגס-ריכטער (סליעדאָוואַטעל) מאַכען פאַרטיג די דיעלאָ, וועלכע איז אָפט קיין אויסגעבלאָזענע איי ניט ווערט, די בעשטימונג פון דער קאָנסטיטוציע: „די פּרייהייט פון דער פערזאָן טאָר קיינער ניט אָנריהרען" מאַכט אַ סוף צו דיזען אונווירדיגען צושטאַנד.
די פאָדערונג פערשטעהט מען אַזוי: אָבנעהמען ביי אַ מענשען זיין פריייהייט, אַרעסטירען איהם קען נאָר דאָס געריכט, אויב עס איז דערוויזען, אַז דער מענש האָט געטהאָן אַ פערברעכען (גנבה, גזלה, רכילות, פאַלשע עדות א. ז. וו.) דערביי דאַרף מען נאָך בעמערקען, אַז ניט אַלץ, וואָס אין דעם דעספּאָטישען רוסלאַנד איז אַ פערברעכען, וועט זיין אַ פערברעכען אין פרייעם רוסלאַנד. איצטער ווערט מען אין רוסלאַנד גע'משפּט פאַר אַ פרייען וואָרט, פאַר אַ שטרייק, פאַר דעם אַריבערטרעטען פון פּראַוואָסלאַוויע אין אַ'ן אַנדער רעליגיאָן א. ז׳ וו. א. ז. וו. (וועגען דעם ווען מיר נאָך שפּעטער ריידען), און פער-קעהרט, גרויסע פערברעכען, וועלכע ווערען שטאַרק בעשטראָפט אין פרייע לענדער, בלייבען אונבעשטראָפט אין דעם איצטיגע'ן רוסלאַנד: די בעאַמטע שטאָפּען אָן זייערע קעשענעס מיט געלד, וואָס געהערט דער מלוכה, בעאַמטע רויבען די איינוואָהנער און דאָס געהט זיי גלאַט אַראָב.
מיר האָבען געזאָגט, אַז נאָר דאָס געריכט קען אָבנעהמען די פרייהייט ביי אַ מענשען. מיר דאַרפען נאָך זאָגען: „נאָר אַ געוועהנ-ליכער געריכט, אין וועלכען עס האָבען אַ גרויסע דעה די בירגער, אַ געריכט פון געשוואָרענע". איצטער האָבען מיר אין רוסלאַנד פער-שיעדענע געריכטע: מיליטער-געריכטע, סודיעבנע פּאַלאַטעס ניט מיט געשוואָרענע, נאָר מיט פאָרשטעהער פון די סאָסלאָוויעס (שטאַנדען); דיזע געריכטע מאַכען געוועהנליך אָב זייערע פינסטערע מעשים געהיים, פּובליקום ווערט ניט צוגעלאָזען בעת די פערהאַנדלונגען, מען קען נאָר

אויסצוהערען דעם פסק דין; אונשולדיגע מענשען, פּרייהייטס קעמפּפֿער ווערען אַוועקגעשיקט אויף די תליות, אויף קאַטאָרזשנע אַרבייט, אין סי-ביר, אויף ליידען הונגער און קעלט אין די ווייטעסטע ערטער. מיר האָ-בען נאָך אין רוסלאַנד אַ וואָלאָסטנאָי געריכט, מיר האָבען נאָך זעמסקי נאַטשאַלניקעס, וועלכע אַרעסטירען די בויערן, שלאָגען זיי, ווי פּיעל עס קריכט נאָר אַריין. אַלע דיזע געריכטע דאַרפֿען בטל ווערען; עס דאַרף בלייבען נאָר איין געוועהנליכער געריכט מיט געשוואָרענע, וועלכער זאָל משפט׳ן אַלע פֿערברעכען אָהן אויסנאַהמען. אין ענג-לאַנד זיינען שוין מיט 200 יאָהר צוריק בטל געוואָרען אַלע אויסער-אָרדענטליכע געריכטע, מיר אין רוסלאַנד ליידען נאָך עד היום אונטער דיזען שמאַך.

די פּאָליציי איז אין קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער נאָר דערצו בעשטימט, צו פּערהיטען די אָרדנונג, צו בעשיצען די זיכערהייט פֿון די בירגער, זי קען אָבער ניט און דאַרף ניט האָבען דאָס רעכט די בירגער צו בע-שטראָפֿען. וואָס זאָל מען אָבער טהאָן מיט אַ מענשען, וועלכען מען איז ערשט חושד, אַז ער האָט געטהאָן אַ פֿערברעכען, און דער משפּט איז נאָך ניט געוועזען? דאָס מוז די קאָנסטיטוציע אויך פֿאָראויסזעהען און אָננעהמען אַזאַ בעשטימונג: די פּאָליציי קען אַרעסטירען אַ מענשען, וועלכען מען איז חושד אין אַ פֿערברעכען, נאָר דאַן, אויב זי ברענגט אַ׳ן אָפֿיציעלען דאָקומענט פֿון ריכטער, אַז ער האָט דאָס בעפֿאָהלען; אין דעם דאָקומענט דאַרף שטעהן בפירוש, אין וואָס איז מען איהם חושד; און ניט שפּעטער, אַלס 24 שטונדען נאָך דעם אַרעסט, מוז דער ריכטער שוין אויסהערען דעם אַרעסטירטען; דער אַרעסטירטער האָט דאָס רעכט צו פֿאָדערען, אַז אַ׳ן אַדוואָקאַט זאָל שוין זיין ביי דעם ערשטען פֿערהער, כדי ער זאָל קענען שוין פֿון אָנהויב אָן, נאָך אין דער צייט פֿון דער אונטערזוכונג, פֿערהיטען זיינע אינטערעסען. דער אַרעסטירטער מוז תיכף אַרויסגעלאָזען ווערען, אויב עס שטעלט זיך אַרויס, אַז ניט ער האָט דאָס פֿערברעכען געטהאָן, אָדער דאָס איז קיין פֿערברעכען ניט געוועזען. שטעלט זיך אַרויס, אַז מען וועט איהם יע דאַרפֿען משפּט׳ן, אָבער עס דאַרף נאָך דויערען, ביז מען וועט גע-פֿינען עדות און ז. וו., מוז מען דעם אַרעסטירטען ביז דעם משפּט אַרויסלאָזען, סיידען עס איז דאָ אַ וויכטיגער גרונד צו רעכענען, אַז ער וועט ענטלויפֿען אָדער אָנלערנען די עדות א. ז. וו.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז אויב די פּאָליציי כאַפּט איינעם אויף׳ן אָרט, ווי ער גנב׳עט אָדער צינדעט אונטער אַ הויז, מוז זי איהם גלייך אַרעסטירען און ניט לויפֿען צוערשט צים ריכטער, אָבער זי מוז דעם ריכטער דערוויזען, אַז דער אַרעסט איז געוועזען נויטווענדיג; שטעלט זיך אַרויס, אַז דער אַרעסט איז געוועזען אומזיסט, דאַרף דער פּאָליציסט האַרט בעשטראָפֿט ווערען, וואָרום דאָס דאַרף זיך רעכענען פֿאַר זעהר אַ גרויסען פֿערברעכען אומזיסט צו רויבען ביי אַ מענשען זיין פֿרייהייט.

מיר האָבען דאָ די גאַנצע צייט גערעדט וועגען אַרעסט; וועגען שלאָגען איז איבעריג צו ריידען. אַז מען טאָר קיינעם ניט שלאָגען — אַזאַ בעשטימונג געפֿינט זיך אין די קאָנסטיטוציעס ניט, אַקוראַט, ווי אין אַ בוך וועגען אָבהיטען דעם געזונד ווערט איהר ניט געפֿינען, אַז גלאָז דאַרף מען ניט עסען. נאָר די טייוועלשע רוסישע רעגירונג מיט איהרע פֿינסטערע דיענער האָט געקענט מאַכען דעם קולאַק פֿאַר איהר סיסטעם, דאָט פֿייפֿען פֿון ריטער און נאַגאַיקעס פֿאַר די איינצי-גע מוזיק, וועלכע קלינגט איבער דאָס גאַנצע אונגליקליכע לאַנד.

## II. די אונבערירבארקייט פון דער וואהנונג און פון דער קארעספאנדענץ.

איבער דעם שוועל פֿון אַ וואָהנונג קען אַריבערטרעטען נאָר דער, וועמען דער בעוואָהנער פֿון דער דירה האָט צו זיך גערופֿען. קומען צו געהען צו איינעם אין זיין וואָהנונג מענשען ניט געבעטענערהייט אין געהען אַריין מיט געוואַלד, קען מען זיי פֿערקלאָגען פֿאַר׳ן געריכט דערפֿאַר, וואָס זיי האָבען אָנגעריהרט דעם „הויזפֿריעדען”. דאָס געהערט אויך צו יעדער קאָנסטיטוציע. ווי דאָס איז איצטער אין רוסלאַנד — ווייסען אונזערע לעזער גאַנץ גוט. אין אַ פֿרייעם לאַנד האָט די פּאָליציי ניט וואָס צו זוכען אין די וואָהנונגען פֿון די בירגער: קיינע פֿערבאָטענע דרוקערייען, שריפֿטען, פֿערזאַמלונגען זיינען ניטאָ, אַזעלכע זאַכען זיינען קיינעם ניט פערוועהרט. די פּאָליציי קען זוכען גע׳גנב׳עטע זאַכען, קען זוכען אַ מענשען, וועלכען מען דאַרף אַרעסטירען; צוליעב דעם דאַרף זיין אין דער קאָנסטיטוציע בעשטימט, אַז אַ הויזזוכונג קען מען מאַכען נאָר לויט דעם בעפֿעהל פֿון ריכטער; קומט די פּאָליציי אָהן אַ בעפֿעהל פֿון ריכטער, דאַרף מען איהר ניט אַריינלאָזען. בשעת דער הויזזוכונג דאַרפֿען זיך געפֿינען זייטיגע מענשען, וועלכע זאָלען דערנאָך קענען זיין עדות; און הויזזוכונגען זיינען ביי נאַכט אין גאַנצען פֿערוועהרט, געוועהנליך פֿון 6 אַ זייגער פֿאַרנאַכט ביז 6 אַ זייגער אין דער פֿריה. (עס פֿערשטעהט זיך. אַז די פּאָליציי האָט דאָס רעכט אַריינצוגעהן ביינאַכט אין אַ דירה אפילו אָהן אַ בעפֿעהל פֿון ריכטער, אויב מען דערהערט געשרייען, מען זאָל ראַטעווען, בעשיצען פֿון גזלנים, גנבים).

צו אַ פֿרעמדען בריף טאָר מען זיך ניט צוריהרען, דאָס דאַרף אַריין אין די קאָנסטיטוציע, וואָרום פּאָסט און טעלעגראַף געפֿינען זיך אין די הענד פֿון דער רעגירונג און יעדער מוז איהר אָבגלויבען זיין קאָרעספּאָנדענץ. אַז אַ פֿרעמדער בריף איז הייליג, פֿערשטעהט זיך פֿון זיך אַליין אין פֿרייע לענדער; ביי אונז אין רוסלאַנד איז מען ניט זיכער, אַז דער בריף וועט אָבגעגעבען ווערען. נור דער ריכטער קען בעפֿעהלען, אַז בריף וואָס קומען אָן פֿאַר דעם און דעם מענשען, זאָל מען איהם (דעם ריכטער) אָבגעבען, אויב דער מענש געפֿינט זיך אין אַ חשד, אַז ער האָט געטהאָן אַ פֿערברעכען; דער בעפֿעהל דאַרף אָבער ארויסגעגעבען ווערען ניט אויף אַ לאַנגע צייט. אַ חוץ דעם מוז יעדער פּאָסט-בעאַמטער זעהר שטרענג בעשטראָפֿט ווערען, אויב ער גיט אימעצען אַרויס אַ פֿרעמדען בריף.

## III. די בעוועגונגס פֿרייהייט (אָבשאַפֿונג פֿון פּאַספּאָרטען).

אַ מענש קען זיין דעם גאַנצען לעבען זיינעם אַרעסטירט און דאָך ניט געפֿינען זיך אין אַ געוועהנליכער געפֿענגניס, הינטער פֿיער ווענד. מען מאַכט דערצו די געפֿענגניס אַביסעל גרעסער און מען צוימט זי אַרום ניט מיט שטיין און האָלץ, נור מיט פּאַספּאָרטען. אַ מיעשטשאַנין קען אָהן אַ פּאַספּאָרט ניט ריהרען זיך פֿון אָרט, געפֿינט מען איהם אָהן אַ פּאַספּאָרט ניט אין זיין אויעזד, קען די פּאָליציי אָבשיקען איהם „אהיים” מיט עטאַפּ, ער וואַלגערט זיך דורך אין עטליכע טורמעס, ביז ער קומט אָן צוזאַמען מיט פֿערברעכער אהיים. מיט אַ קריסטליכען מיעשטשאַנין איז נאָך אַ האַלבע צרה, האָט ער אַ פּאַס - קען ער פֿאָהרען, וואוהין

ער וויל. מיר אידען זיינען נאָך אַרעסטאַנטען צווישען אַרעסטאַנטען; אַרום דער שטעדטעל, צו וועלכער דער איד איז „צוגעשריבען", געפינט זיך נאָך אַ צוים די „טשערטאַ אָסעדלאָסטי". האָט ער שוין געזומען אַ פּאַס אין אַרויסגעריסען זיך פון דער קליינער געפענגניס (פון זיין שטעדטעל), מוז ער דאָך בלייבען זיצען אין דער גרויסער געפענגניס: פון דער טשער-טאַ איז שוין ניט גרינג אַרויסצורייסען זיך. דעם רוסישען בויער איז שווער אויסצורייסען זיך פון זיין געפענגניס, פון דאָרף; איהם קומט אָן דער פּאַספּאָרט פיעל שווערער איידער דעם מעשטשאַנין. די גאַנצע סיסטעם פון פּאַספּאָרטען מוז אָבגעשאַפט ווערען, פּאַספּאָרטען זיינען אונווירדיג פאַר פרייע מענשען. אפילו די רעאַקציאָנערע רוסישע רעגי-רונג האָט דאָס איינגעזעהן, און אין די רוסישע צייטונגען זיינען געווען ידיעות וועגען אַ נייעם פּראָיעקט, אַז פּאַספּאָרטען זאָלען אָבגעשאַפט ווערען, און זאָלען בלייבען נור פאַר פערברעכער און . . . אידען! *

עס פערשטעהט זיך, אַז מיר ערוואַרטען ניט קיינע אמת'ע בירגערליכע פרייהייטען פון די איצטיגע מיניסטאָרען. נור דער נצחון פון דעם רע-וואָלוציאָנערען פאָלק, די אויסראָטונג פון דער איצטיגער רעגירונג און די צוזאַמענרופונג פון אַ קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג וועט ברייגנען דער גאַנצער בעפעלקערונג, אָהן אויסנאַהמען, בירגערליכע פרייהייט. דאַן וועט זיך יעדער קענען פריי בעוועגען, פאָהרען וואוהין ער וויל און ביי קיינעם ניט אָנפרעגען, און די שענדליכע סיסטעם פון פּאַספּאָרטען וועט פערגעסען ווערען.

## IV פרייהייט פון מלאכה און מסחר.

יעדער קען זיך אויסקלייבען אַזאַ אַרבייט אָדער אַזאַ האַנדעל, ווי איהם געפעלט; דיזע פאָדערונג איז אויסגעוואַקסען אין 18-טען יאָהר-הונדערט, ווען די צעכען האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע און אַ רעאַקציאָ-נערע ראָלע; יעדער בעל מלאכה האָט געמוזט געהערען צו זיין צעך, אַרבייטען אַזוי ווי דער צעך שרייבט פאָר, אַז ניט פלעגט מען איהם די אַרבייט גאָר פערווערען, א. ז. וו. איצט האָבען שוין די צעכען ערגעץ קיין מאַכט ניט, אפילו אין רוסלאַנד אויך ניט. נאָר מיר שטע-לען אַרויס די פאָדערונג צוליעב אַנדערע טעמים: די אידען זיינען שטאַרק בעגרענצט בנוגע צו האַנדעל און מלאכה: זיי איז פערבאָטען צו קויפען ערד, צו טרייבען בראַנפען א. ז. וו. (אויספיהרליכער וועגען דיזע בעגרענצונגען פאַר אידען אין די ווייטערע קאַפּיטלען).

## V גלייכהייט פון די בירגער.

ביז איצט האָבען מיר אַרומגערעדט די איינפאַכסטע, די עלע-מענטאַרע פרייהייטען, אָהן וועלכע דאָס לעבען איז קיין לעבען ניט; יעדער דאַרף זיין בעוואָרענט, אַז זיינע פרייהייט וועט ניט אָנגעריהרט ווערען, אַז זיין וואָהנונג וועט ניט בעפאַלען ווערען פון אונגעבעטענע אורחים, אַז זיינע בריעף וועלען ניט אַריינפאַלען אין פרעמדע הענד, אַז זיין בעוועגונגס-פרייהייט וועט ניט בעגרענצט ווערען, אַז זיין בעשעפ-טיגונג וועט נאָר פון איהם אַליין אָבהענגען. איצטער ווילען מיר עט-וואָס טיפער אַרומקלערען די רעכטען און פרייהייטען פון די בירגער.

וואָס מיינט די קאָנסטיטוציע, אַז זי רעדט וועגען גלייכהייט פון די בירגער? וואָס האָט זיך אויסגעלאָזען פון די שעהנע ווערטער:

---

* וועגען דעם וועלען מיר ריידען אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלען.

„פֿרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט״, וועלכע זיינען געווען דער דעוויז פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע? וואָס מיינען מיר, אַז מיר שטעלען אַרויס די פֿאָדערונגען — פֿרייהייט און גלייכהייט אין אונזער פּראָגראַם-מינימום? קען מען דען ריידען וועגען עכטע פֿרייהייט, ווען אַ מענש איז עקאָנאָמיש אָבהענגיג פֿון אַנדערען, * ווען ער מוז פֿערקויפֿען זיין אַרבייטסקראַפֿט, אויב ער וויל ניט שטאַרבען פֿון הונגער, ווען ער מוז זעהר אָפֿט אָנגעהמען די בעדינגונגען, וועלכע דער קאַפּיטאַליסט שטעלט איהם? ! עכטע פֿרייהייט וועט ערשט זיין אין דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג, ווען יערע עקספּלואַטאַציע וועט אויפֿהערען צו עקזיסטירען, און אַז מיר ריידען איצט וועגען פֿרייהייט, ריידען מיר וועגען פֿ אָ ר מ ע ל ע  פֿ ר י י ה י י ט ; נאָך דער פֿאָרם נאָך זיינען אַלע און יעדערער בעזונדער פֿריי, מען קען קיינעם ניט נויטען, ער זאָל טהאָן דאָס אָדער דאָס, מען קען ביי איהם זיין פֿרייהייט ניט רויבען נאָך דעם געזעץ נאָך. דאָס זעלבע איז מיט גלייכהייט. אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט, וואו קאַפּיטאַל איז דער גאָט, צו וועלכען מען בוקט זיך, איז אַ רייכער קאַפּיטאַליסט ניט גלייך צו אַ׳ן אָרעמען אַרבייטער, ער וועט גיכער אויספֿיהרען אַלץ, וואָס ער וויל, ער שפּיעלט אַ גרעסערע ראָליע, ער האָט מעהר דעה אין דער איצטיגער געזעלשאַפֿט.

די קאָנסטיטוציע קען פֿערזיכערען נאָר פֿ אָ ר מ ע ל ע  ג ל י י כ ה י י ט, גלייכהייט פֿאַר דעם געזעץ; דער געזעץ דאַרף קיין אונטערשיעד ניט מאַכען צווישען די בירגער. מיר קענען דערווייל געווינען נאָר פֿאָרמעלע פֿרייהייט, און דאָך האָט איהר געזעהן אין די פֿאָריגע קאַפּיטלען, אַז דאָס איז ניט קיין קלייניגקייט, אַז מיר ווערען דורך דעם בעפֿרייט פֿון שווערע קייטען, וועלכע דריקען אונז צו דער ערד. אויך אַזוי וויכטיג איז פֿאָרמעלע גלייכהייט, ד. ה., גלייכהייט פֿאַר דעם געזעץ, דער געזעץ זאָל קיין טייל פֿון דער בעפֿעלקערונג קיינע פּריווילעגיעס ניט געבען. מאַכט דער געזעץ אויסנאַהמען, גיט ער אַ טייל פֿון דער בעפֿעלקערונג פּריווילעגיעס, קען עס דאָך געשעהען נאָר אויף אַזאַ אופֿן, אַז דער איבעריגער טייל איז ניט גאַנץ פֿריי נאָך דעם געזעץ נאָך; פּריווילעגיעס פֿון איינע זיינען אַלע מאָל פֿערבונדען מיט אונטערדריקונג פֿון אַנדערע. מיר ווילען, אַז יעדערער זאָל געניסען די גרעסטע מאָס פֿרייהייט, וועלכע איז נאָר מעגליך אין דער איצטיגער געזעלשאַפֿט; האָט שוין אָבער יעדער די ג ר ע ס ט ע מאָס פֿרייהייט, קען מען דאָך ניט אויסטראַכטען נ אָ ך  אַ  ג ר ע ס ע ר ע פֿאַר די פּריווילעגירטע; די פּריווילעגיעס קענען דאָך בעשטעהן נאָר אין דעם, וואָס מען שטעלט די העכערען פּריווילעגירטע איבער דעם געזעץ, פּריווילעגיעס און ווילקיר איז איינס און דאָס זעלבע.

מיר ווילען זיך דאָ אָבשטעלען אויף די פֿיער אויסנאַהמען אין די גלייכבערעכטיגונג פֿון די בירגער; די אויסנאַהמען האָבען געווירקט אין די מערב אייראָפּעאישע לענדער,** איידער דאָרטען איז איינגעפֿיהרט געוואָרען אַ קאָנסטיטוציע, זיי ווירקען נאָך, דריקענדיג ווי אַ שווערע משא, ביז יעצט אין רוסלאַנד. די פֿיער אויסנאַהמען זיינען: 1) פֿאַר געוויסע שטאַנדען (סאָסלאָוויעס), 2) פֿאַר מיטגליעדער פֿון אַ׳ן אַנדער (פֿרעמדער) נאַציאָן, 3) פֿאַר מענשען, וועלכע האָבען אַ׳ן אַנדער

---

* זעה וועגען דעם: „די עקאָנאָמישע איבערקעהרענישען און די ענטוויקלונג פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע״ פֿון מ. שיפּפּעל, אַרויסגעגעבען פֿון בונד 1904.

** אויסנאַהמען פֿאַר פֿרויען ווירקען דאָרטען צום טייל עד היום.

אמונה (גלויבען), איידער די, וואָס רעכענט זיך פֿאַר די הערשענדע אמונה און 4) פֿאַר פֿרויען.

## VI. די אבשאפונג פון די שטאנדען.

די אַיינטיילונג פֿון דער בעפֿעלקערונג אין שטאַנדען — אַדעל, אַיינוואָהנער פֿון שטעדט, עהרענבירגער (פּאָטשאָטני גראַזשדאַנין), בויערן — שטאַמט נאָך פֿון דעם פֿינסטערען מיטעלאַלטער; אַ קינד, וואָס ווערט געבאָרען אין אַ העכערען שטאַנד בעקומט שוין בירושה געוויסע פּריווילעגיעס. דינט ער ביי מיליטער אָדער אין דער ציוויל-פֿערוואַלטונג, קען ער אַ סך לייכטער בעקומען אַ העכערע שטעלע איידער אַ מענש, וואָס שטאַמט פֿון אַ נידעריגען שטאַנד. די קינדער פֿון אַדעל האָבען אין רוסלאַנד בעזונדערע אַריסטאָקראַטישע שולען. די אַדעליגע בעקומען אין רוסלאַנד אַ פּאַספּאָרט אויף דעם גאַנצען לעבען. די רעגירונג אונטערשטיצט דעם אַדעל עקאָנאָמיש מיט הינדערטע מיליאָנען רובל, וועלכע עס ווערען צונויפֿגעקליבען פֿון דעם גאַנצען פֿאָלק. די הלואות פֿון „דוואָריאַנסקי באַנק״, סובסידיעס, סטיפּענדיעס פֿאַר דוואָריאַנעס — דאָס נעהמט זיך אַלץ פֿון קהל׳שע געלד. מיר קענען ניט פֿערוועהרען; אימעצען צו האַלטען זיך גרויס, ווײַלע זיין אור-אור אורפֿאָטער איז געווען אַ טעלערלעקער ביי דעם קיסר; ער מעג זיך האַלטען גרויס, פֿערמיידען בעקאַנטשאַפֿט און ניט טהאָן שדוכים מיט „פּראָסטע״ מענשען; אָבער פֿאַר די געזעלשאַפֿטליכע איינריכטונגען און פֿאַר די רעגירונג טאָרען קיין מיוחסים ניט זיין. דער הערר, וועגען וועלכען מיר ריידען, מעג זיך האַלטען גרויס, אָבער ער דאַרף זיך אָנרופֿען מיט׳ן נאָמען און פֿאַמיליע; אַלע איבריגע נעמען, ווי באַראָן, גראַף, פֿירסט, ערעלמאַן (דוואָריאַנין) דאַרפֿען זיין פֿערוועהרט; ער דאַרף קיינע פּריווילעגיעס ניט געניסען פֿאַר זיין גאוה. די שטאָדט און דאָרף פֿערוואַלטונגען דאַרפֿען פֿערשרייבען אין די מעטריקען אַלע איינוואָהנער גלייך, אָהן אַ׳ן אונטערשיעד אין איין און זעלבען בוך, און ניט ווי איצטער, ווען יעדער שטאַנד איז פֿערשריבען בעזונדער.

ריידענדיג וועגען שטאַנדען און פּריווילעגיעס, דאַרף מען נאָך זאָגען עטליכע ווערטער וועגען נאַגראַדעס, אָרדענס, שטערען, וועלכע די רעגירונג שענקט איהרע טרייע משרתים; די עטליכע ווערטער, וועלכע מיר ווילען זאָגען, זיינען: „זיי דאַרפֿען אָבגעשאַפֿט ווערען״. די אָרדענס גיבען געוויסע פּריווילעגיעס (ערהויבען, למשל, אין דעם אַדעליגען שטאַנד און אז. וו.) זיי זיינען אַ געפֿאַהר פֿאַר די דעמאָקראַטישע געפֿיהלען.

## VII. די גלייכבערעכטיגונג פון די בירגער הענגט ניט אב פון דעם, צו וועלכער נאציאן זיי געהערען.

דעם טעם פֿון נאַציאָנאַלע אויסנאַהמס געזעצען ווייסען מיר, אידישע אַרבייטער, זעהר גוט. אַלע אַיינוואָהנער פֿון רוסלאַנד, צו וואָס פֿאַר אַ נאַציאָן זיי מעגען געהערען, האָרעווען און גיבען אָב זייערע מאַטעריעלע און גייסטיגע כוחות אויף צו ענטוויקלען די קילטור פֿון לאַנד, און נור אַזיינע לייט, ווי סובאָרין און קרושעוואַן קענען טענה׳ן, אַז די רוסען דאַרפֿען האָבען מעהר רעכטען און פֿרייהייטען, איידער די אידען, פּוילען, אַרמעניער, ליטאָווצעס, לאַטישען און אַז. וו. מען רעדט וועגען „פֿרעמדע״ נאַציאָנען, אָבער איז דאָס ריכטיג, אַז זיי זיינען

פֿרעמדע? די אידען, פּוילען, אַרמעניער, ליטאָווצעס, לאַטישען און אַז. וו. וואָהנען שוין אין די לענדער פֿון דעם איצטיגען רוסלאַנד הונ-דערטער יאָהרען אויף זייער אָרט. אַז די בירגער פֿון די אונטערדריקטע נאַציאָנען ליידען אונטער די אויסנאַהמס געזעצען און ווערען בעגרענצט אין זייער פֿרייהייט, דאָס פֿערשטעהט זיך. אָבער פֿאַר די הערשענדע נאַציאָנען געהט עס אויך ניט אַראָב גאָר גלאַט; עס ענטוויקעלט זיך ביי איהר שאָוויניזם, דער געפֿיהל פֿון גערעכטיגקייט ווערט אָבגע-טעמט; צולאָזענדיג געוואַלט איבער אַנדערע, עפֿענט זי דערמיט אַליין אַ וועג פֿאַר געוואַלט איבער זיך גופא און פֿאַלט אַריין אין די גזלנ׳ישע הענד פֿון פּאַטריאָטישע פּאַרטייען, פֿון אַ רעאַקציאָנער-שאָוויניסטי-שער רעגירונג.

## VIII. די גלייכבערעכטיגונג פֿון די בירגער הענגט ניט אב פֿון זייער רעליגיאָן.

מיר ווייסען זעהר גוט, ווי די „זעלבסטהערשאַפֿט און פּראַוואָסלאַ-וויע" זיינען צונויפֿגעוואַקסען אין איינעם און ווי אַלע, וואָס האָבען אַ׳ן אַנ-דער גלויבען ווערען פֿערפֿאָלגט, זיי מעגען אפילו זיין רוסען, ל.-של סעקטאַנטען, ראַסקאָלניקעס און רוסען-קאַטאָליקען אין דער ליטאָ; מיר ווייסען, ווי ס׳ווערען פֿערפֿאָלגט קאַטאָליקען, פּראָטעסטאַנטען, מאַהאָ-מעדאַנער, אידען. אין אַ פֿרייער לאַנד דאַרף דאָס ניט זיין. (זעה קאַפּיטעל X).

## IX. גלייכבערעכטיגונג פֿון פֿרויען.

עס וואָלט אונז צו ווייט געפֿיהרט, אויב מיר וואָלטען דאָ אַרומ-גערעדט די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפֿטליכע בעדינגונגען, וועלכע האָבען געמאַכט די פֿרוי פֿאַר אַ שקלאַפֿין פֿון מאַן. אויך איז ניט דאָ דער אָרט צו בעווייזען, ווי דער קאַפּיטאַליזם, וועלכער רעוואָלוציאָנירט די אַרבייטער מאַסען, רעוואָלוציאָנירט אויך די לאַגע פֿון דער פֿרוי, זי ווערט אַרויסגעצייגען פֿון איהר ענגען קרייז, זי איז געצוואונגען צו זוכען ווירטשאַפֿטליכע זעלבסטשטענדיגקייט, אָבער דאָס געזעץ וויל עס נאָך ניט אַנערקענען, און אפילו אין די מערב-אייראָפּעאישע לענדער בעשטעהען נאָך אויך, דאָ מעהר, דאָ ווענינער, אונגלייכהייטען פֿאַר פֿרויען. די פֿרוי איז בעגרענצט אין איהרע פֿאַמיליענרעכטען, איבער די קינדער האָט דער פֿאָטער מעהר רעכט איידער די מוטער; די פֿרוי איז בעגרענצט אין איהרע ווירטשאַפֿטליכע רעכטען, זי איז בעגרענצט אין בירגער׳ליכע רעכטען, צו פֿיעלע בעשעפֿטיגונגען, עפֿענטליכע שטעלען לאָזט מען איהר ניט צו. און צולעצט האָט זי ניט קיינע פּאָליטישע רעכ-טען כמעט אומעטום, אַ חוץ אין איניגע שטאַאַטען פֿון אַמעריקאַ. אַלע דיזע בעגרענצונגען אין אַלע פּרטים פֿון געזעלשאַפֿטליכען לעבען דאַרפֿען בטל ווערען און מוזען בטל ווערען, און נור די סאָציאַלדע-מאָקראַטיע טרעט אַרויס פּרינציפּיעל, שאַרף און קלאָר פֿאַר פֿאָלקאָמע-נע גלייכבערעכטיגונג פֿון מאַן און פֿרוי.



אין נון האָט די קאָנסטיטוציע בעוואָרענט די פֿרייהייט און גלייכ-הייט פֿון די בירגער; יעדער איז פֿריי — הייסט ער קען טהאָן אַלעס, וואָס ריהרט נור ניט אָן די פֿרייהייט פֿון אַ׳ן אַנדער פּערזאָן, וואָס

ברענגט ניט קיין שאַדען אַ׳ן אַנדער פּערזאָן. מיט דיעזער ערקלעהרונג וואָלט מען זיך געקענט אפילו בענוגענען, און דאָך געפינט יעדע קאָנסטיטוציע פאַר נויטיג אייניגע פּרייהייטען און רעכטען פון די בירגער בעזונדער צו בעשפרעכען און צו פערזיכערען. דאָס זיינען די רעכטען און פּרייהייטען, וועלכע זיינען אָם שטאַרקסטען בעגרענצט אין דעספּאָטישע מלוכות, און וועלכע זיינען ווי אַ דאָרען אין אויג ביי אַלע רעאַקציאָנערען אפילו אין די פּרייע מדינות. צו דיעזע פּרייהייטען געהן מיר איצט איבער.

## X. געוויסען־פּרייהייט.

אונטער געוויסענ-פּרייהייט פערשטעהט מען געוועהנליך: ערשטענס, יעדערער האָט דאָס רעכט פּריי אויסציקלייבען זיך די אמונה, וועלכע געפעלט איהם, פּריי אַריבערטרעטען פון איין אמונה אין די אַנדערע; צווייטענס, יעדערער קען דיענען גאָט, ווי איהם געפעלט (אַ חוץ אַזעלכע סעקטען, וועלכע דיענען צו זייער גאָט אויף אַזאַ אופן, וואָס איז געגען אַלע געזעצען פון דער נאַטור, למשל, זיי מאַכען זיך אַ מום, זיי פערברענען זיך, זיי ברייגגען מענשליכע קרבנות און ד. גל.) און דריטענס, אַלע אמונות דאַרפען זיין גלייך, קיין אמונה דאַרף זיך ניט רעכענען פאַר אַ הערשענדע און געבען פריווילעגיעס איהרע אָנהענגער. אין בעגריף פון געוויסענפּרייהייט געהט נאָך אַריין פאָלגענדעס: מען טאָר קיינעם ניט נויטען געהערען צו אַ געוויסער אמונה; וואָס ווייטער ווערט אַלץ גרעסער די צאָהל מענשען, וואָס זאָגען זיך אָב פון יעדער אמונה, וועלכע זיינען בעגייסטערט פון אַנדערע אידעאַלען; אין דער קאָנסטיטוציע דאַרף בפירוש בעשטימט זיין, אַז די ניט-גלויביגע האָבען אַלע רעכטען, ווי אַלע איבעריגע בירגער, וואָס געהערען צו אַ געוויסער אמונה; זיי דאַרפען בעפּרייט זיין פון רעליגיעזע שבועות (אין געריכט, אָדער אַז זיי קומען אָן אַלס בעאַמטע) ווען ניט — קען אָפּט פּאַרקומען, אַז די ניט-גלויביגע וועלען זיך ניט קענען בעניצען מיט אייניגע פון זייערע רעכטען. אין ענגלאַנד למשל, זיינען די מנהגים שטאַרק איינגעוואָרצעלט אין לעבען, און עס קומט דערפאַר אַ׳ן אַנדערס מאָל אויס, אַז מען מוז זיך אָבזאָגען פון אַ וועלכען ניט איז בירגער-רעכט, ווייל אַ׳ן אַלטער מנהג שטעהט אין וועג. אַז דער פּאַרלאַמענט ווערט אויף ־דאָס ניי אויסגעקליבען, דאַרפען די דעפּוטאַטען געבען אַ שבועה; אין די 70-טע יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ דעפּוטאַט, אַ ניט-גלויביגער; ער האָט זיך אָבגעזאָגט צו שווערען אין גאָט׳ס נאָמען און מען האָט איהם דערפאַר ניט צוגעלאָזען צום פּאַרלאַמענט.

די פינסטערע צייט פון דער הייליגער אינקוויזיציע איז שוין אין מעריב אייראָפּא לאַנג מיט גראָז פּערוואַקסען; דאָרט האָט די בעשטימונג פון געוויסענפּרייהייט מעהר אַ היסטאָרישען אינטערעס. אין רוסלאַנד קומט עס אָבער נאָך פאַר ביז צום איצטיגען טאָג, אַז מען פּערשיקט סעקטאַנטען אויף קאַטאָרגע, אַז מען נעהמט אָב ביי עלטערען זייערע קינדער און מען גיט זיי אַוועק אין קלויסטער (מאָנאַסטירען) און נאָך אַזעלכע אַכזריות, און דערפאַר איז אין דער רוסישער קאָנסטיטוציע דיעזע בעשטימונג גאָר ניט איבעריג.

עס מוז הערשען פאָלקאָמענע פּרייהייט ניט נור אין אמונה זאַכען, נור אויך בנוגע צו דער וויסענשאַפט. אין מיטעל-אַלטער האָט מען געברענט מענשען, וועלכע האָבען געזאָגט, אַז די ערד דרעהט זיך אַרום דער זון; איצטער ברענט מען מעהר ניט קיין מענשען פאַר זייע-

רע וויסענשאַפטליכע מיינונגען, אָבער די רעגירונג בעגרענצט דאָך דיזע פרייהייט אין געוויסע פרטים. למשל, אין דייטשלאַנד איז ניטאָ אפילו איין פּראָפעסאָר אַ סאָציאַלדעמאָקראַט; אין די אוניווערזיטעטען קריטיקירט מען דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, אָבער עס זיינען ני-טאָ קיין פּראָפעסאָרען, וועלכע זאָלען דעם סאָציאַליזם בעגרינדען. איצ-טער אין רוסלאַנד איז נאָך ערגער; מען דערלאָזט ניט אפילו קיין עכ-טע ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע געדאַנקען אין געזעלשאַפטליכע און רעליגיעזע פראַגען ביי די פּראָפעסאָרען, וועגען סאָציאַליסטישע איז שוין גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען.

## XI. רעדע־פרייהייט און פרעסע (דרוק) פרייהייט.

יעדער האָט דאָס רעכט אָפען אַרויסזאָגען אָדער אָבצודרוקען זיינע געדאַנקען סיי וועגען רעליגיעזע, סיי וועגען פּאָליטישע, געזעלשאַפט-ליכע פראַגען, און קיינער טאָר איהם דערין ניט שטערען. נאָר דער געריכט קען בעשטראָפען איינעם פאַר זיינע רייד, אָדער פּערוועהרען איהם ווייטער אַרויסצוזאָגען אָדער אָבצודרוקען דיזעלבע רייד, אויב ער מאַכט אַ בלבול, זאָגט אַ רכילות, אָדער שעדיגט די מאַטעריעלע אינ-טערעסען פון וועמען ניט איז. עס דאַרפען בטל ווערען אַלערליי מינים צענזור, וועלכע מיר האָבען איצטער אין רוסלאַנד, מען דאַרף ביי קיי-נעם ניט בעטען קיין ערלויבניס אויף אַרויסגעבען אַ נייע צייטונג, אַ זשורנאַל, אויף עפענען אַ דרוקעריי. ערקלערען ווי נויטיג דאָס איז, האַלטען מיר פאַר איבעריג; ווי מען דערשטיקט איצט אין רוסלאַנד די פרייהייט פון ריידען און שרייבען — איז אַלעמען גוט בעקאַנט.

## XII. פערזאַמלונגס־רעכט.

דאָס רעכט פון די בירגער צו פערזאַמלען זיך און אַרומריידען זייערע אינ-טערעסען דאַרף זיין פּערזיכערט אין דער קאָנסטיטוציע. פּערזאַמלונגען איז אַ מעכטיגער מיטעל אויפצוקלערען די מאַסען, איינווירקען אויף די עפענט-ליכע מיינונג. ווען אויף גרויסע פערזאַמלונגען ווערען אָנגענומען פראָטעסט-רעזאָלוציאָנען, ווען זיי ווערען אָבגעדרוקט אין די צייטונגען אין מען רעדט וועגען זיי אין די ברייטעסטע בעפעלקערונגס-שיכטען, — וואַרפט דאָס אַרויף אַ׳ן אימה אויף די רעגירונג.

מיר פאָדערען פאָלקאָמע פערזאַמלונגס-פרייהייט: וועגען פּערזאַמלונ-גען, וועלכע קומען פאָר פאַר מיטגליעדער פון אַ בעשטימטען פעראיין, אָדער פערזאַמלונגען ביי אַ פּריוואַט מענשען, וואוהין מען קומט נאָר נאָך אַ ספּעציעלער איינלאַדונג (אַ געשלאָסענע פּערזאַמלונג) — ווע-גען אַזעלכע פּערזאַמלונגען איז ניטאָ דער פּאָליציי וואָס צו מודיע זיין. וועגען אָפענע פּערזאַמלונגען, וועלכע קומען פאָר אין לאָקאַלען, וואוהין יעדער קען אַריין, און פערזאַמלונגען אונטער דעם פרייען הימעל — וועגען זיי קען אַמאָל נוצליך זיין צו געבען דער פּאָליציי צו וויסען, — פּערשטעהט זיך, ניט כדי צו בעטען ביי איהר אַ ערלויבניס, — אויף צו מאַכען אַ פּערזאַמלונג דאַרף מען ביי קיינעם זיך ניט אָנפרעגען, — נאָר כדי זי זאָל אָננעהמען מיטלען צו פערהיטען דעם עולם פון אַ סכנה, למשל, פון אַ שרפה אָדער אַ׳ן אַנדער אונגליק, וואָס קען זיך טרעפען, וואו עס קלייבען זיך צונויף טויזענדער מענשען. אָבער ווי און וואָס און ווער עס רעדט אויף דער פּערזאַמלונג און ביז וואַנען זי דאַרף דויערן—דערינען טאָר זיך די פּאָליציי ניט מישען.

## XIII. פּעראײנס־רעכט.

די בירגער האָבען דאָס רעכט צו גרינדען פֿעראײנען, װעלכע זײ װילען, אַ חוץ אַזעלכע, װאָס שטעלען פֿאַר זיך אַ ציעל צו טהאָן מעשים, װעלכע װערען בעשטראָפֿט דורך די קרימינאַלע (אוגאָלאָװנע געזעצען). די פּאָליציי טאָר זיך ניט אַרײנמישען אין די געשעפֿטען פֿון פֿעראײן; זי קען נאָר בעטען, מען זאָל איהר מודיע זײן דעם נאָמען פֿון פֿעראײן, די סטאַטוטען און די צאָהל פֿון די מיטגליעדער (די צאָהל אָבער ניט די נעמען), װײל די שטאָרט קען דאָס דאַרפֿען כדי צו פֿיהרען אַ סטאַטיסטיק פֿון די פֿעראײנען. אויב דאָס פערזאַמלונגס־רעכט געהט מעהר אָן די ברײטע אַרבײטער- און פֿאָלקסמאַסען (װײל די פּאָליציי גיט אויף די פֿערזאַמלונגען פֿון דער בורזשואַזיע ניט שטאַרק אַכטונג), איז דאָס נאָך מעהר ריכטיג בנוגע צום פֿעראײנס־רעכט; דאָס רעכט צו גרינדען פֿעראײנען, צו אָרגאַניזירען זיך—איז אײנע פֿון די שטאַרקסטע װאָפֿען אין די הענד פֿון פּראָלעטאַריאַט, און מיר דאַרפֿען זעהן, אַז די קאָנסטיטוציע זאָל אונז ניט געבען אין האַנד אַ הילצערנעם שטעקעל אַנשטאָט אַ שטאָלענעם שװערד.

װיסענשאַפֿטליכע פֿעראײנען, בילדונגס־פֿעראײנען, פֿעראײנען פֿון זעלבסטהילף א. ז. װ. װערען ניט שטאַרק בעװאַכט פֿון דער פּאָליציי (מיר רײדען װעגען קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער); דערהויפּט האָבען פֿיער אויסצושטעהן פֿון דער פּאָליציי די פּראָפֿעסיאָנעלע און פּאָליטישע אַרבײטער־פֿעראײנען. און די אַרבײטער דאַרפֿען זעהן מיט אַלע מיטלען צו בעשיצען זײער קאָאַליציאָנס־רעכט (קאָאַלירען—איז דער טײטש: זיך פֿעראײניגען). אין די װעלטבעריהמטע פֿאַבריקען פֿון קרופּ (פֿאַבריקען פֿון הארמאַטען, ביקסען א. ד. גל. אין דײטשאַנלד), װאו עס אַרבײטען צעהנדליגער טױזענד מענשען, האָבען די אַרבײטער פּאַקטיש קײן קאָאַליציאָנס־רעכט ניט. אַז אַ׳ן אַרבײטער קומט אָן אין פֿאַבריק, נעהמט מען בײ איהם אַ חתימה, אַז ער װעט ניט אַרײנטרעטען אין קײן שום אַרבײטער־פֿעראײן. מיר דאַרפֿען פֿאָדערען, אַז אַנטקעגען אַזעלכע פֿאַבריקאַנטען, װעלכע בערױבען בײם אַרבײטער דורך אַלערלײ קונצען זײן קאָאַליציאָנס־רעכט, דאַרף אַרױסגעגעבען װערען אַ שטרענגער געזעץ, װעלכער זאָל דערפֿאַר האַרט בעשטראָפֿען. װיבאַלד, אַז די קאָנסטיטוציע בעװאָרענט יעדעם בירגער פֿעראײנס־רעכט, און אַ פֿאַבריקאַנט נױט דעם אַרבײטער, ער זאָל זיך דערפֿון אָבזאָגען, דאַרף מען דאָס רעכענען פֿאַר אַ קרימינאַלען (אוגאָלאָװנעם) פֿערברעכען.* מיר זעהען, אַז אפילו אין דעם דעספּאָטישען רוסלאַנד גרינדעט די בורזשואַזיע שױן פֿון יאָהרען פֿעראײנען צו פֿערהיטען איהרע אינטערעסען (פֿעראײן פֿון צוקער־פֿאַבריקאַנטען, פֿון אײזען־פֿאַבריקאַנטען א. ז. װ.), נאָר די אַרבײטערמאַסען טאָרען דאָס ניט. אין פּרײסען טאָרען פֿרױען ניט זײן קײן מיטגליעדער אין פּאָליטישע פֿעראײנען, און דאָך לײדעט דערפֿון דער פּראָלעטאַריאַט מעהר אײדער די בורזשואַזיע: אויף פֿערזאַמלונגען פֿון בורזשואַזע פֿעראײנען געהט ניט די פּאָליציי אַכטונג געבען, צו זײנען דאָרט ניטאָ פֿרױען, אָבער זי טהוט דאָס אויף אַר-

---

* אַ ליבעראַל װעט אונז אפילו זאָגען, אַז קײנער נױט ניט דעם אַרבײטער, ער זאָל אָנקומען אויף קרופּ׳ס פֿאַבריק, דער הונגער נױט איהם און דעריבער איז ער אָפּט מרוצה אויף שענדליכע בעדינגונגען; אָבער די רעגירונג דאַרף זעהן, אַז די בעשטימונגען פֿון דער קאָנסטיטוציע זאָלען פֿון אַלעמען אָבגעהיט װערען.

ז

בייטער פֿערזאַמלונגען. פֿון דעם אַליין, וואָס מיר זעהען, ווי די קאַ-פּיטאַליסטען און די רעגירונג שטרענגען אָן אַלע זייערע קרעפֿטען צו צערשטערען אָדער, לכל הפחות, אָבצושוואַכען די אָרגאַניזאַציעס פֿון די אַרבייטער, קענען מיר שוין בעגרייפֿען, ווי וויכטיג דאָס קאָאַליציאָנס-רעכט איז פֿאַר דעם בעפֿרייאונגס קאַמפף פֿון דעם אַרבייטערקלאַס. וואָס מעהר דער פּראָלעטאַריאַט פֿון גאַנץ רוסלאַנד וועט זיין אויפֿגעקלערט, קלאַסענבעוואוסט, אַלין בעסער וועט ער זעהן צו בעוואָרענען זיין פֿער-איינס-רעכט.

## XIV דאס רעכט צו שטרייכען.

בעת די קאָנסטיטוציעס זיינען איינגעפֿיהרט געוואָרען אין די מערב-אייראָפּעאישע לענדער, האָט נאָך דער שטרייק ניט געשפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָליע אין עקאָנאָמישען לעבען ווי איצטער. נאָר ווער וויים? אפשר ווען ער וואָלט שוין אפילו יע געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע, וואָלט דאָך אפשר די בעשטימונג וועגען דעם רעכט צו שטרייקען אין די קאָנסטיטוציע אויך ניט אָנגענומען געוואָרען, ווייל דאָס איז ספּע-ציעל אַ פּראָלעטאַרישע פֿאָדערונג און דער פּראָלעטאַריאַט איז נאָך דאַן ניט געווען אַזוי שטאַרק, ער זאָל קענען דורכפֿיהרען זיין רצון. אַנדערש איז דאָס אין רוסלאַנד. דער פּראָלעטאַריאַט טראָגט אַרויס אויף זיינע פּלייצעס די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און ער וועט אָנשטרענ-גען זיינע קרעפֿטען, אַז די קאָנסטיטוציע זאָל זיינע רעכטען בעוואָרענען.

די אַרבייטער האָבען מעהר ניט, ווי זייער אַרבייטסקראַפֿט, דאָס איז זייער איינציגער פֿערמעגען; דער שטרייק, דאָס געמיינזאַמע אָבזאָ-גען זיך פֿון דער אַרבייט, איז אָפֿט דאָס איינציגע מיטעל צו דערשלאָ-גען זיך העכערע שכירות, צו פֿערקירצען דעם אַרבייטסטאָג, צו דער-גרייכען אַ מענשענווירדיגערע בעהאַנדלונג פֿון דעם פֿאַבריקאַנט אין זיינע משרתים. דער קאַפּיטאַליזם איז אַ׳ן אכזר, ער רייסט אויס יע-דען מענשען געפֿיהל, יעדע מדה טובה פֿון האַרצען, און אפילו ליבע-ראַלע מענשען ווילען ניט געבען די אַרבייטער דאָס רעכט צו שטריי-קען. פֿערקעהרט, מיר זעהען אין מערב-אייראָפּא, אַז מען סטאַרעט זיך נאָך צו בעגרענצען דיזען רעכט. אין האָלאַנד איז מיט 2 יאָהר צוריק איינגעפֿיהרט געוואָרען אַ געזעץ, וועלכער פֿערווערט דעם שטרייק פֿאַר אַלע אייזענבאַהן אַרבייטער, רעכענענדיג איהם פֿאַר אַ קרימינעלען פֿערברעכען. דער זעלבער געזעץ איז היי-יאָהר איינגע-פֿיהרט געוואָרען אין איטאַליען. אין דייטשלאַנד האָבען ניט די לאַנד-אַרבייטער דאָס רעכט צו שטרייקען, דער רוסישער פֿינאַנץ-מיניסטער האָט אויסגעאַרבייט אַ געזעץ, וועלכער זאָל פֿערווערען דעם שטרייק פֿאַר אַרבייטער פֿון דער וואַסערלייטונג, פֿון די ע׳עקטרישע סטאַנציעס, פֿון גאַז-זאַוואָדען, פֿון די שחיטה הייזער (באַינעס) און ז. וו.

אָבער אַ חוץ דיזע אויסנאַהמס געזעצען האָבען די רעגירונגען נאָך קליינע נאָדלען, מיט וועלכע זיי שטעכען די אַרבייטער און רויבען ביי זיי דאָס קאָאַליציאָנסרעכט און דאָס רעכט אויף שטרייקען. אין דייטשלאַנד איז אין דער לעצטער צייט געוואָרען אַזאַ מאָדע. שטעלט זיך פֿאָר, די אַרבייטער אויף אַ פֿאַבריק שטרייקען. דער פֿאַבריקאַנט דרוקט אין אַלע צייטונגען מודעות, אַז ער זוכט אַרבייטער. איינינגע פֿון די שטרייקענדע אַרבייטער שטעלען זיך נעבען דער פֿאַבריק, און אַז עס קומט אַ פֿרעמדער אַרבייטער, זאָגען זיי איהם: געה בע-סער אַוועק פֿון דאַנען, וואָרום דאָ איז אַ שטרייק און דו וועסט דאָך ווערען אַ שטרייקברעכער. די דייטשע פּאָליציי לאָזט די אַרבייטער ניט

שטעהן נעבען פֿאַבריק אויף'ן גאַס, זי זאָגט, אַז זיי שטערען די בע-וועגונג אויף דער גאַס (די גאַס מעג זיין ברייט, אין אויף איהר מעג זיך קיין נפש ניט געפֿינען), און נון שלעפּט מען די אַרבייטער (זיי רופֿען זיך „שטרייקפּאָסטען") אין צירקעל (אוטשאַסטאָק), מען אַרעס-טירט זיי, זיי ווערען אויסגעריסען. אין ענגלאַנד האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק אַ פֿאַבריקאַנט דערלאַנגט אין געריכט אויף אַ טרעד-יוניאָן (פּראָפֿעסיאָנעלען פֿעראיין), אַז ער האָט איהם געבראַכט אַ גרויסען געלד שאָדען דורך דעם, וואָס די אַרבייטער האָבען געשטרייקט און האָבען אָבגעהאַלטען נאָך אַנדערע אַרבייטער, זיי זאָלען ניט געהן אין די פֿאַבריק. דער משפּט האָט זיך געצויגען אַ פּאָר יאָהר און לסוף האָט מען דעם טרעד-יוניאָן צוגע'משפּט אומצוקעהרען דעם פֿאַבריקאַנט דעם היזק (זעהר אַ גרויסע סומע געלד). און פֿון יעמאָלט אָן פֿיהלען זיך מעהר ניט די ענגלישע אַרבייטער זיכער אין זייער קאָאַליציאָנס-רעכט.

מיר שטעלען אַרויס די פֿאָדערונג: דאָס רעכט צו שטרייקען אָהן אויסנאַהמען, מיט אַלע גאַראַנטיעס, וואָס זיינען נויטיג כדי צו פֿיהרען דעם שטרייק ווי געהעריג (למשל, שטרייקפּאָסטען). צו דיזע פֿאָדע-רונג וועט אָנגענומען ווערען אין די קאָנסטיטוציע צו ניט, וועט זיך ווענדען נאָר פֿון די אַרבייטער אַליין; פֿון די ליבעראַלען האָבען מיר ניט וואָס צו וואַרטען, מיר זעהען, אַז אפילו די אָסוואָבאָזשדענצעס אין זייער פּראָיעקט פֿון דער קאָנסטיטוציע געפֿינען ניט פֿאַר נויטיג אַרויס-צושטעלען דיזע פֿאָדערונג.

## XV. די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון די בעאַמטע פֿאַר דעם געריכט.

אויף דעם ערשטען בליק שיינט, אַז דיזע בעשטימונג געהערט ניט צו די רעכטען און פֿרייהייטען פֿון די בירגער, אָבער דיזעלבע בע-שטימונג קען מען אַזוי אויסדריקען: יעדער בירגער האָט דאָס רעכט צו פֿערקלאָגען אַ בעאַמטען ביי דעם געוועהנליכען געריכט פֿאַר דעם שאָדען, וואָס דער בעאַמטער האָט איהם אָנגעטהאָן. דאָס איז זעהר אַ וויכטיגע גאַראַנטיע, אַז די רעכטען פֿון די בירגער זאָלען ניט גע-טראָטען ווערען מיט די פֿיס. מען מיינט ניט דערמיט די געוועהנליכע פֿערברעכען, וואָס אַ בעאַמטער טהוט (למשל, גנבה א. ז. וו.), נאָר די חטאים, וואָס ער בעגעהט בשעת זיין דינסט. למשל, אַ פּאָליציסט אַרעסטירט איינעם און עס לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז געווען אומזיסט, אַ פּאָסט-בעאַמטער גיט אַרויס פֿרעמדע בריעף, די פּאָליציי דערלאָזט ניט אַ פֿערזאַמלונג, טרייבט אַוועק „שטרייק-פּאָסטען" א. ז. וו. פֿאַר אַ זעלכע מעשים דאַרף דער בעאַמטער גע'משפּט ווערען, און פֿון אַ געוועהנליכען געריכט. איצטער איז איבער בעאַמטע „לית דין ולית דין", ניטאָ איבער זיי קיין געזעץ און ניטאָ קיין ריכטער, דערפֿאַר פֿיהלען זיי זיך אַזוי זיכער. מען קען אויף אַ בעאַמטען אין געריכט ניט דער-לאַנגען, אויב דער העכערער בעאַמטער ערלויבט דאָס ניט, — אַזוי איז דאָס ביי אונז איינגעפֿיהרט, — און בעקומען די ערלויבניס איז ניט גרינג. אָבער ווי באַלד יעדער בעאַמטער וועט וויסען, אַז ער האָט ניט קיין בעשיצער, אַז אויב ער האָט עובר געווען דעם געזעץ, וועט מען איהם רופֿען צום משפּט און קיינער וועט איהם ניט העלפֿען, וועט ער זיין פֿיעל פֿאָרזיכטיגער.

בעשיצט די קאָנסטיטוציע די בירגער פֿון די בעאַמטע, דאַרף זי בעשיצען יעדען בעאַמטען פֿון זיין העכערען נאַטשאַלניק. די בעאַמטע

לײדען אָפּט פֿון זײערע אױבערסטע בעאַמטע: מען נױט זײ פֿיעל אַרבײטען, מען לאָזט זײ ניט פֿרײ אַרױסזאָגען זײער מײנונג, מען נױט זײ אָפּט עובר זײן דאָס געזעץ, און דער ניעדערער בעאַמטער מוז דאָס טהאָן װײל ער האָט מורא, אַז מען זאָל איהם פֿון זײן שטעל ניט אָבזאָגען. מיר האָבען שױן אױבען ערקלערט, אַז יעדער קען בעשטראָפֿט װערען נור פֿין געריכט, דאָס איז אַ שוץ אױך פֿאַר די בעאַמטע: לײדעט אַ בעאַמטער פֿון זײן נאַטשאַלניק, קען ער אױף איהם דערלאַנגען אין געריכט; פֿערקעהרט, איז אַ נאַטשאַלניק אונצופֿרידען מיט זײן בעאַמטען, קען ער איהם זעלבסט ניט בעשטראָפֿען און מוז דאָס איבערגעבען דעם געריכט. אױב עס פֿעהלט אַזאַ בעשטימונג אין דער קאָנסטיטוציע, קענען פֿאָרקומען, למשל, אַזעלכע פֿאַקטען: אין פֿרײעם דײטשלאַנד האָט מען פֿאַר 2 יאָהרען אָבגעזאָגט פֿון דער שטעלע אַ פּאָסט-בעאַמטען, װײל ער איז אָפֿען אַרױסגעטרעטען אַלס אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט; דאָס איז נאָר דאָרט מעגליך, װאו דער בעאַמטער קען זיך ניט קלאָגען אױף זײן נאַטשאַלניק בײ אַ געװעהנליכען געריכט מיט געשװאָרענע, װי מיר װילען. און דאָך געפֿינען ניט פֿאַר נױטיג די דעמאָקראַטישע אָסװאָבאָזשדענצעס (זעה פונקט 11 פֿון זײער פּראָיעקט) אַװעקצושטעלען די בעאַמטע אונטער דעם שוץ פֿון דער קאָנסטיטוציע, זײ האָבען מורא אַז די דיסציפּלין װעט דורך דעם לײדען.

---

אין די 15 קאַפּיטלען האָבען מיר אַרומגערעדט די גרונדרעכטען און גרונדפֿרײהײטען, אָהן װעלכע ס׳איז אונמעגליך די עקזיסטענץ פֿון פֿרײע בירגער. אין ענגלאַנד זײנען זײ שױן כמעט אַלע אײנגעפֿיהרט געװאָרען פֿון לאַנג אָן, און אין דעם גאַנצען 19-טען יאַהרהונדערט האָבען די פֿרײהײטען קײן אײנציגען מאָל ניט אױפֿגעהערט צו עקזיסטירען, אפילו בשעת עס איז אױסגעבראָכען די רעװאָלוציאָנערע בעװעגונג פֿון די טשאַרטיסטען. ניט דאָס זעהען מיר אין דײטשלאַנד. דאָרטען האָט די רעגירונג דאָס רעכט צו ערקלערען אַ פּראָװינץ, אַ שטאָדט אין בעלאַגערונגס-צושטאַנד (אַ מין אוסיליענע אָכראַנע), און דאַן שטעהען שױן מעהר ניט די בירגער אונטער דעם שוץ פֿון דער קאָנסטיטוציע. די געגענד װערט פֿערפֿלײצט מיט סאָלדאַטען און זשאַנדאַרמען, עס װערען פֿערבאָטען פֿערזאַמלונגען, מען שיקט אַרױס „פֿערדעכטיגע מענשען״ א. ז. װ. (די רעגירונג טהוט דאָס אַלע מאָל, װען עס קומט פֿאָר אַ גרױסער שטרײק א. ד. ג. דאָס איז געװען אין קרימיטשאַו און בײ דעם הײ-יאָהריגען שטרײק פֿון די בערגאַרבײטער אין רוהר-פּראָװינץ), גראַדע דאַן, װען פֿאַר די אַרבײטער איז נאָך מעהר נױטיג דאָס פֿערזאַמלונגסרעכט, פֿרײהײט צו רײדען, אַגיטירען א. ז. װ.

ענגלאַנד גיט אונז אַ גוטען בײשפּיעל פֿון אַ לאַנד, װאו די רעכטען פֿון די בירגער בלײבען אַלע מאָהל בעשטעהן. נור, װי עס װײזט אױס, עקזיסטירט דיזער בײשפּיעל ניט פֿאַר אונזערע ליבעראַלען: די אָסװאָבאָזשדענצעס האָבען דערװײלע ניט מעהר װי אָנגעשריבען אַ פּראָיעקט פֿון אַ קאָנסטיטוציע, — קײן קאָנסטיטוציע האָבען מיר נאָך ניט — און זײ זײנען שױן פֿערטיג צו פֿערראַטען די פֿאָלקספֿרײהײט. דער 22-טער פונקט פֿון זײער פּראָיעקט רעדט ניט מעהר און ניט װעניגער װי װעגען בעלאַגערונגס-צושטאַנד!

# אלגעמיין דעמאקראטישע פאדערונגען.

פאָליטישע פרייהייט פאַר דאָס גאַנצע פאָלק און פרייהייט פאַר יע־דע איינצעלנע פערזאָן בעזינדער — דאָס זיינען די צוויי גרונדשטיינער, אויף וועלכע עס דאַרף געבויט זיין דאָס פרייע רוסלאַנד. פערשטעהט זיך, דאָס פרייע און בורזשואזע רוסלאַנד, וואָרום מיר ריידען דאָ די גאַנצע צייט וועגען די פאָדערונגען פון אינזער פראָגראַם־מינימום, וועגען רוסלאַנד, וועלכע ווטט אַרויסגעהן פון דער בורזשואזער רעוואָלוציאָן, וואָס מיר לעבען איצט איבער. די צוויי הויפּט פאָדערונגען: פרייהייט פאַר דאָס פאָלק און פאַר די פערזאָן האָבען מיר אַרומגערעדט אין די פאָרי־גע קאַפּיטלען און האָבען בעוויזען, וועלכע בעשטימונגען דאַרפען זיך געפינען אין דער קאָנסטיטוציע, כדי די פרייהייטען זאָלען זיין גוט בעוואָרענט. דערמיט קענען מיר זיך אָבער נאָך ניט בענוגענען; ביי דער געזעלשאַפט, וועלכע איז געגרינדעט אויף עקספּלואַטאַציע און אונ־טערדריקונג, האָבען מיר נאָך פיעל צו מאָהנען. אין עסטרייך לעבען די אַרבייטער און דאָס גאַנצע פאָלק פיעל בעסער, איידער אין רוסלאַנד; אין דייטשלאַנד בעסער, איידער אין עסטרייך, אין ענגלאַנד בעסער, איידער אין דייטשלאַנד, אין די פעראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ בעסער, איידער אין ענגלאַנד, אין אויסטראַליען בעסער, איידער אין אַמע־ריקאַ. מיר זעהען דערפון, אַז אפילו אין דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטי־שער געזעלשאַפט קען דאָך נאָך די לאַגע פון די אַרבייטער מאַסען און פונ׳ם פאָלק פיעל אויסגעבעסערט ווערען; דאָס איז שוין פאַר זיך אַליין אַ הויכער ציעל; עס איז שוין זעהר פיעל ווערטה, אַז יעדער זאָל אין זיינע קינדער יאָהרען קענען בעזוכען אַ גוטע פאָלקסשוהל, זאָל ניט זיין פערפינסטערט און פערקנעכטעט ביי זיינע גלחים און רבנים, זאָל ניט דאַרפען פערברייינגען זיינע בעסטע יאָהרען אין קאַזאַרמע, זאָל ניט דאַרפען שינדען פון זיך די הויט אָבצוצאָהלען שטייערן און אַקציזען, זאָל ניט שטאַרבען, ווייל קיין דאָקטאָר איז צו דער רעכטער צייט ני־טאָ, און אַז. וו. און אַז. וו. אָבער אַלע דיעזע פערבעסערונגען אין׳ם געזעלשאַפטליכען לעבען געווינען נאָך אַ העכערען ווערטה אין אונזערע אויגען, ווייל זיי ערלייכטערן אונז די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע פאַר אונזער סאָציאַליסטישען אידעאַל, ווייל זיי מאַכען אונז לייכטער צו אָר־גאַניזירען דעם אַרבייטער קלאַס: אַ הונגעריגען, אונוויסענדען גאָטספאָרכטיגען מענשען איז זעהר שווער צו געווינען פאַר אונזער אידעאַל. מיר האָבען דערפאַר אַ לאַנגען צעטעל מיט פאָדערונ־גען פון גרינדליכע רעפאָרמען אין דער אינערען פּאָליטיק, אין קולטור, און גייסטיגען לעבען, און צולעצט אין סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען.

ס׳איז ניטאָ איין ווינקעלע אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון איצטיגען רוסלאַנד, וואו עס זאָל ניט נויטיג זיין גרינדליך צו פוצען און צו רייניגען, וואו די לופט זאָל ניט זיין פער׳סם׳ט מיט מיאַזמען פון הונדערט יאָהריגער אונטערדריקונג, ווילדקייט און אָרימקייט. אין אונזער פראָגראַם־מינימום מוזען מיר זיך אָבער בענוגענען מיט די וויכטיגסטע פאָדערונגען, און אויך קענען מיר זיך ניט אָבשטעלען אויף די איינצעל־נע פרטים פון דיעזע פאָדערונגען, אונזער אויפגאַבע איז נור אָנצואווייזען דעם וועג, מיט וועלכען מיר דאַרפען געהען. די בורזשואזע דעמאָ־קראַטישע רעפּובליק איז אפילו נור אַ׳ן אכסניה פאַר אונז, מיר געהען פיעל ווייטער, צום סאָציאַליזם, אָבער דאָך וועט אונז אויסקומען צו פערברייינגען אין דער אכסניה היבשע עטליכע יאָהר; אין דעם משך פון דיעזע יאָהרען וועלען אַרויסטרעטען טויזענדער פראַגען אין געזעל־שאַפטליכען לעבען, וועגען וועלכע מיר וועלען דאַרפען אַרויסזאָגען

אונזער מיינונג, עס וועלען זיך אַרויסווייזען טויזענדער בעדערפֿניסען,
צוליב וועלכע מיר וועלען דאַרפֿען אַרויסשטעלען נייע דעמאָקראַטישע
פֿאָדערונגען.

וואָס פֿאַר אַ שיכות האָבען די פֿאָדערונגען, וועלכע וועלען אַרומ-
גערעדט ווערען אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלען צו דער קאָנסטיטוציע?
דאַרפֿען זיי אויך אַריינגענומען ווערען אין דער קאָנסטיטוציע און אויך
אַזוי אויספֿיהרליך ווי די בעשטימונגען, וועגען וועלכע מיר האָבען גע-
רעדט אין די פֿאָריגע קאַפּיטלען? אויף די פֿראַגען קענען מיר ענטפֿע-
רען: ניין! די קאָנסטיטוציע איז ניט קיין געזעצבוך, די קאָנסטיטוציע
וועט אויסגעאַרבייט ווערען און אָנגענומען ווערען אין אַ קורצער צייט
(למשל, אין 2—3 יאָהר), בעת עס וועט זיצען די קאָנסטיטואירענדע
פֿערזאַמלונג. אויסאַרבייטען און דורכפֿיהרען די רעפֿאָרמען אין דער אינע-
רער פּאָליטיק, אין גייסטיגען און עקאָנאָמישען לעבען, דאָס וועט שוין
בלייבען פֿאַר דעם געוועהנליכען פּאַרלאַמענט; נור וועגען די וויכטיגסטע
רעפֿאָרמען וועלען מיר שוין פֿאָדערען פֿון דער קאָנסטיטואירענדער פֿער-
זאַמלונג, אַז זי זאָל אַריינעהמען אין די קאָנסטיטוציע קורצע פּרינציפּ-
ערקלערונגען, ד. ה., אַרויסשטעלען דעם פּרינציפּ, נאָך וועלכען עס זאָ-
לען די רעפֿאָרמען שפּעטער דורכגעפֿיהרט ווערען. וועגען אַנדערע רע-
פֿאָרמען וועט די קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג דאַרפֿען אַרויסגעבען
דערוויילּיגע געזעצען, גלייך דורכפֿיהרען זיי און איבערלאָזען דעם
געוועהנליכען פּאַרלאַמענט, ער זאָל די דערוויילּיגע געזעצען געגויער
אויסאַרבייטען און אַרויסגעבען זיי אַלס געוועהנליכע געזעצען. לאָמיר
נעהמען, למשל, די פּאָליציי אָרדנונג. מען קען דאָך ניט בלייבען ביי
דער איצטיגער פּאָליציי, ביז דער פּאַרלאַמענט וועט דורכפֿיהרען די רע-
פֿאָרם אין דער פּאָליציי; מען קען אָבער אויך ניט פֿאָדערען, אַז די
קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג זאָל גרינדליך אויסאַרבייטען א געזעץ
וועגען דעם; די קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג וועט אַרויסגעבען נור
אַ דערוויילּיגען געזעץ כדי צו רעפֿאָרמירען די פּאָליציי; דער פּאַרלאַ-
מענט וועט דאָס ענדיגען, ברייגגען אַלץ אין אַ סיסטעם און אַרויסגע-
בען פֿעסטע געזעצען וועגען דער פּאָליציי.

קודם כל וועלען מיר ריידען וועגען אַלגעמיין-דעמאָקראַטישע פֿאָ-
דערונגען, ד. ה. אַזעלכע, אין וועלכע ס׳איז פֿעראינטערעסירט יעדער
עהרליכער ליבעראַל, יעדער אמת׳ער דעמאָקראַט. אַרויסשטעלענדיג
דיזע פֿאָדערונגען, זאָגען מיר זיך אויף אַ האָר ניט אָב פֿון אונזער
קלאַסען-שטאַנדפּונקט; מיר פֿערגעסען ניט אויף איין אויגענבליק, זאַ
מיר האָבען אונזערע קלאַסענאינטערעסען, אַז די גאַנצע איבעריגע גע-
זעלשאַפֿט בעשטעהט אָדער פֿון אונזערע פֿיינד, אָדער פֿון מענשען,
וועלכע זיינען צו אונז פֿרעמד אָדער גלייכגילטיג; און דאָך שטעלען
מיר אַרויס דעמאָקראַטישע פֿאָדערונגען פֿאַר די גאַנצע בעפֿעלקערונג,
וואָרום מיר ווייסען, אַז אַ חוץ אונז וועט קיינער ניט קעמפֿען עהרליך
פֿאַר גרינדליכע רעפֿאָרמען. „... די סאָציאַלדעמאָקראַטיע דריקט אויס
אין פּאַרלאַמענט די פֿאָדערונגען פֿון אַלע פֿערוואָגעלטע און בעדריק-
טע ניט ווייל זי ווערט אַליין בירגערליך-דעמאָקראַטיש, נאָר ווייל די
בירגערליכע דעמאָקראַטען און ליבעראַלען הערען אויף צו טויגען וואָס
ווייטער אַלץ מעהר, און די סאָציאַלדעמאָקראַטיע מוז זייערע אויפֿגאַבען
אויך אויף זיך נעהמען", אַזוי פֿערענטפֿערט בעבעל (נייע צייט, No 37,
1905) די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטיע פֿון דעם פֿאָרוואורף, אַז זי
ווערט אַ פֿאָלקס-פּאַרטיי, אַ רעפֿאָרם-פּאַרטיי, און הערט אויף צו זיין אַ
קלאַסען-פּאַרטיי.

מיר הייבען אָן מיט די פֿראַגען פֿון אינערער פּאָליטיק און ווילע

דאָ אָבשטעלען זיך אויף אונזערע פאָדערונגען בנוגע צו דער פּאָליציי געריכט, מיליטאַריזם און שפּראַך.

## I. די אבשאפונג פון דער פאליטישער פאליציי מוניציפאלע פאליציי אנשטאט מלוכה־פאליציי.

די פּאָליציי דאַרף האָבען נאָר איין אויפגאַבע: היטען די אָרדנונג אין שטאָדט און אין דאָרף, בעשיצען די בירגער א. ז. וו., ביי אונז אין רוסלאַנד מישט זי זיך אַריין אין יעדען ווינקעלע פון פריוואַטען און געזעלשאַפטליכען לעבען. זי איז דער אויפזעהער ניט נאָר אויף דעם גוף, נאָר אויך אויף דער נשמה. דער וואָרט „בלאַגאָנאַדיעזשני" וועט ביי אונזערע קינדער און אייניקלעך אַרויסרופען אויך אַזעלכע שרעקליכע בילדער, ווי ביי אונז דאָס וואָרט: „אינקוויזיציע". איז ביי אונז שוין דאָס לעבען אונערטרעגליך געוואָרען איבער די פּאָליציי־הערשאַפט, מוז מען דאָך מודה זיין, אַז אין אייניגע קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער איז אין דעם פּרט נאָך אויך פעראַנען גענוג וואָס אויסצובעסערען. מען דאַרף נאָר פערגלייכען דייטשלאַנד מיט ענגלאַנד. מיר פאָדערען ערשטענס, אַז ס'זאָל זיין נאָר געוועהנליכע פּאָליציי; אַלע איבעריגע סאָרטען פון פּאָליטישער פּאָליציי, ווי זשאַנדאַרמען, אָכראַנע אָטדיעלעניעס דאַרפען בטל ווערען, און ביי דער געוועהנליכער פּאָליציי דאַרף אויך אָבגענומען ווערען איהרע „פּאָליטישע אַרבייט". די פּאָליטישע פּאָליציי אין דייטשלאַנד, למשל, שנאָרעט און זוכט, מאַכט הויזזוכונגען אין די רעדאַקציעס פון סאָציאַלדעמאָקראַטישע צייטונגען, גיט אַכטונג אויף די סטודענטען, וועלכע קומען פון רוסלאַנד שטודירען אין דייטשלאַנד, און בעשעפטיגט זיך מיט נאָך אַזעלכע וויכטיגע ענינים. מיר זעהען, ווי ענגלאַנד שטעהט אויף איהר אָרט, כאָטש זי האָט קיין פּאָליטישע פּאָליציי ניט. אין אַ פרייען לאַנד, וואו יעדער האָט מיינונגס־פרייהייט, איז ניטאָ קיין „גוטע" און „בייזע" רעיונות (נאָך דער אָבשאַצונג פון דער פּאָליציי), און די פּאָליציי דאַרף קיינעם ניט בעוואַכען. האָט אַ יחיד אָדער אַ גאַנצער פעראיין עובר געווען דאָס געזעץ, דאַרפען זיי זיך פערענטפערען פאַר אַ געוועהנליכען געריכט און ווייטער גאָרנישט.

אַריינטראָגענדיג אין די קאָנסטיטוציע אַ בעשטימונג, אַז יעדער בעאַמטער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר זיינע מעשים, אַז יעדער מיניסטער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר די מעשים פון זיינע בעאַמטע, פערבינדען מיר שוין אויף וויפיעל ניט איז דער פּאָליציי די הענד, אָבער די ערפאַהרונג בעווייזט, אַז דאָס איז נאָך ווענינ. די ערפאַהרונג בעווייזט, אַז אויב די פּאָליציי בלייבט אפילו אַלע מאָל אין די גרענצען פון „געזעץ", האָט זי דאָך אַזוי פיעל מאַכט, אַז דער בירגער מוז זעהען און שווייגען, ווי די פּאָליציי, וועלכע דאַרף זיין ביי איהם אַ משרת, ווערט דער בעל־הבית איבער איהם. מיר דאַרפען די פּאָליציי אַזוי אָרגאַניזירען, אַז דאָס זאָל זיין אונמעגליך. מיר האָבען שוין אין דעם ערשטען טייל („די מלוכה־אָרדנונג") אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, אַז די בעאַמטע זאָלען אויסגעקליבען ווערען דורך די בעפעלקערונג; פאָדערן מיר דאָס פאַר אַלע בעאַמטע, דאַרפען מיר אָנווענדען אַלע אונזערע קרעפטען, אַז דאָס זאָל דורכגעפיהרט ווערען תיכף ומיד לכל הפחות ביי דער פּאָליציי דאַן וועט די פּאָליציי זיין אין די הענד פון דער בעפעלקערונג און ניט אומגעקעהרט. מיר פאָדערן דערפאַר, אַז יעדע שטאָדט, יעדע דאָרף־קהלה זאָל זיך אויסקלייבען איהרע פּאָליציי, און די פּאָליציי זאָל זיין

אָבהענגיג נאָר פֿון דער שטאָדט אָדער דאָרף-פֿערוואַלטונג (מוניציפּאַ-ליטעט); אַזאַ סיסטעם רופֿט זיך אָן מוניציפּאַלע פּאָליציי. אויף אַזאַ אופן איז די פּאָליציי אָרגאַניזירט אין גאַנץ ענגלאַנד (אויסער לאָנדאָן). איז די פּאָליציי צענטראַליזירט, ד. ה., דער מיניסטער פֿון אינערן בע-שטימט די גובערנאַטאָרען, דער גובערנאַטאָר דעם איספּראַווניק א. ז. וו., ווי דאָס איז אין דייטשלאַנד, פֿראַנקרייך, דאַן איז די פּאָליציי אַ גרויסע מאַכט; איין צירקוליאַר פֿון מיניסטער צו זיין „אונטערגעגעבענער" פּאָליציי איז גענוג, אַז אין דעם גאַנצען לאַנד זאָל מיט איין מאָל די פּאָליציי אומבייטען איהר פּנים, אָנציהען אויף זיך אַ'ן אַנדער פֿעל. דאָס קען נור פּאַסירען מיט אַ מלוכה-פּאָליציי, אָבער ניט מיט אַזאַ פּאָליציי, וועלכע איז אָבהענגיג נור פֿון דעם מוניציפּאַליטעט.

עס איז קיין שום ספק ניט, אַז באַלד ווי די רעוואָלוציע וועט מנצח זיין, וועט איהר ערשטער אַקט בעשטעהן אין דעם, וואָס זי וועט ניט נאָר אָבשאַפֿען די פּאָליטישע פּאָליציי מיט איהר גאַנצען נעץ פֿון די זשאַנדאַרמען אין שפּיאָנען, נאָר אויך אין גאַנצען איבערבויען די אָרגאַניזאַציע פֿון דער געוועהנליכער פּאָליציי. קיין רעוואָלוציאָנערע רעגירונג וועט זיך גיט קענען בענוצען מיט דער ירושה פֿון דער זעלבסט-הערשונג—מיט דעם צענטראַליזירטען פּאָליציי-אַפּאַראַט; מען קען בייטען די פּאָליציי-לייט, וויפֿיעל מען וויל, מען קען אויף זייער אָרט בעשטימען גאָר נייע מענשען — העלפֿען וועט עס זעהר ווייניג, ווייל אַלע צרות קומען אַרויס פֿון דעם סיסטעם, נאָך ו'עלכען די פּאָליציי איז געבויט, און ניט פֿון דעם, וועלכע מענשען עס פֿערנעהמען די אָדער יענע פּאָליציי-שטעלען. קיין איינריכטונג פֿון דעם זעלבסטהערשענדען רוסלאַנד האָט ניט אַרויסגערופֿען ביי דער גאַנצער בעפֿעלקערונג, פֿון די אויבערסטע שיכטען ביז די אונטערסטע, פֿון קליין ביז גרויס, אַזוי פֿיעל שנאה און האַס, ווי די איצטיגע פּאָליציי. מען קען זיך בשום אופן ניט פֿאָרשטעלען. אַז די בעפֿעלקערונג זאָל מרוצה ווערען, ביי דעם נצחון פֿון רעוואָל·ציע, אויף איין טאָג איבערצולאָזען דעם איצטיגען פּאָליציי-אַפּאַראַט. מען ציעלט זיך שוין איצטער אין אַ סך ערטער איינצופֿיהרען אַ פּאָליציי, וואָס זאָל אויסגעקליבען ווערען פֿון דער שטאָדט-פֿערוואַלטונג, מען קלערט אָבצוזאָגען זיך אויסצוהאַלטען און צאָהלען געהאַלט דער איצטיגע פּאָליציי-באַנדע, מען וויל גרינדען אַ שטאָדט-מיליץ, אין וועל-כער עס ליגט שוין בעצם דער געדאַנק פֿון אַ פּאָליציי, וואָס זאָל זיך געפֿינען נור אין דעם רשות פֿון שטאָדט. ווען די בעפֿעלקערונג ציעלט זיך דערצו שוין איצטער אונטער דעם יאָך פֿון דער זעלבסטהערשונג, קען מען זיך שוין פֿאָרשטעלען, וואָס עס וועט זיין נאָך דעם נצחון פֿון דער רעוואָלוציע. מיר ריידען שוין ניט וועגען דעם, וואָס די בעפֿעל-קערונג וועט קיין שום מעגליכקייט ניט האָבען צו ערפֿילען איהרע בירגער פּפֿליכטען, כל זמן די פּאָליציי וועט זיין אָרגאַניזירט נאָך דעם איצטיגען פּרינציפּ.

## II. די ריכטער דאַרפען אויסגעקליבען ווערען, יעדער האַט דאַס רעכט צו זיין אַ געשווארענער.

מיר האָבען שוין געזעהן, וואָס פֿאַר אַ גרויסען איינפֿלוס דאָס געריכט האָט אין קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער. אין די הענד פֿון די ריכ-טער ליגען די רעכטען און פֿרייהייטען פֿון די בירגער. די ריכטער דאַרפֿען משפּט'ן אַלע בעאַמטע, אויב זיי בעגעהען אַ פֿערברעכען געגען דעם געזעץ. זייער איינפֿלוס איז נאָך גרעסער דערפֿאַר, וואָס

פֿון זיי ווענדט זיך ביז צו אַ געוויסען גראַד, ווי אויסצוטייטשען אַ גע-זעץ. נאָך דעם, ווי די ריכטער לייגען אויס אַ געזעץ אין ענגלאַנד אָדער אַמעריקאַ, קען מען זעהן, וועלכע שטרעמונגען אין אַנזיכטען הערשען איצטער אין דער געזעלשאַפֿט, וועלכע פֿון זיי געווינען די אויבערהאַנד. מיר קענען, ווי אויף אַ משל, אָנווייזען אויף דעם בעריהמטען פסק-דין פֿון געריכט אין 1901 יאָהר. אַ אייזענבאַהן-קאָמפּאַניע האָט אָנגעקלאָגט דעם טרעד-יוניאָן פֿון די אייזענבאַהן-אַרבייטער און האָט געמאָהנט ביי איהם אַ גרויסע סומע געלד פֿאַר דעם היזק, וועלכען די קאָמפּאַניע האָט געליטען איבער אַ שטרייק פֿון די אייזענבאַהן-אַר-בייטער. דער געריכט האָט גע׳פסק׳ענט, אַז דער יוניאָן דאַרף אומקעה-רען דעם היזק. דיזער פסק-דין האָט אַריינגעבראַכט אַ גרויסע אונרוהע און אונזיכערהייט אין די אַרבייטערמאַסען און אַ געוויסע אויפֿרעגונג אין דער גאַנצער געזעלשאַפֿט. ביז איצטער רעדט מען וועגען דיזען פסק-דין, עס פֿיהרט זיך אַ׳ן אַגיטאַציע צווישען די אַרבייטער און זיי פֿאָדערען פון פאַרלאַמענט אַ נייעם געזעץ, וועלכער זאָל מאַכען פֿאַר אונמעגליך אַזעלכע משפטים. האָבען די ריכטער אַזאַ גרויסען איינ-פֿלוס, דאַרפֿען מיר דאָס געריכט אַזוי אָרגאַניזירען, אַז מיר זאָלען קע-נען האָבען צו איהם אַ געוויסען צוטרוי.

דאָ דאַרפֿען מיר מאַכען אַ קליינע בעמערקונג. מיר דאַרפֿען אויף איין אויגענבליק ניט פֿערגעסען, אַז מיר ריידען וועגען אונזער פראָג-ראַם-מינימום, וועגען די פֿאָדערונגען צו דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל-שאַפֿט. מיר, סאָציאַלדעמאָקראַטען, זאָגען, אַז די בעגריפֿען פֿון „רעכט און אונרעכט“ זיינען פֿערשיעדען אין פֿערשיעדענע צייטען, זיינען פֿערשיעדען אין דער זעלבער צייט ביי פֿערשיעדענע געזעלשאַפֿטס-קלאַסען, ווייל די בע-גריפֿען „רעכט און אונרעכט“ ווערען בעשטימט פֿון די עקאָנאָמישע פֿער-העלטניסען. די פּאָליטישע און עקאָנאָמיטע מאַכט איז אין די הענד פֿון דער בורזשואַזיע, די געזעצען, וועלכע זי גיט אַרויס, האָבען נאָר דעם צוועק דיזע הערשאַפֿט צו בעפֿעסטיגען; דערפֿאַר זאָגען מיר אַלע מאָל אין אונזער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, אַז די איצטיגע מאָראַל איז קלאַסען-מאָראַל, די איצטיגע יוסטיץ איז קלאַסען-יוסטיץ. און דאָך טרעטען מיר אַרויס מיט אונזער גאַנצער קראַפֿט פֿאַר רעפֿאָרמען אין דער יוסטיץ, פֿאַר אַ בעסערע, דעמאָקראַ-טישערע אָרגאַניזאַציע פֿון געריכט — פֿאַר וואָס טהוען מיר דאָס, האָ-בען מיר שוין ניט איינמאָל ערקלערט אין דיזער שריפֿט.

די בעפֿעלקערונג וועט נאָר דאַן האָבען צוטרוי צו די ריכטער, ווען יעדע שטאָדט וועט זיך אויסקלייבען איהרע ריכטער, אויף׳ן גרונד פֿון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואַהלרעכט, און ווען די ריכטער וועלען זיין אונאַבהענגיג פֿון דער רעגירונג. איצטער זעהען מיר, אַז די רעגירונג שיקט פֿאַנאַנדער צירקוליאַרען צו די ריכ-טער, זיי זאָלען די און די פֿערברעכען שטרענג בעשטראָפֿען. אין דייטשלאַנד האָט אויך די רעגירונג אַ געוויסען דרוק אויף די ריכטער. די ריכטער דאַרפֿען משפט׳ן נאָך דעם געזעץ נאָך און ווי זייער יושר הייסט זיי, אָבער זיי זיינען דאָך מעהר ניט ווי מענשען, האָבען מורא צו פֿערליערען די שטעלע, און זיינען זיי אָבהענגיג פֿון דער רעגי-רונג, מוזען זיי אָפֿט נאָכגעבען. דערפֿאַר מוז פֿעסט בעשטימט ווערען, אַז דעם ריכטער קען קיינער ניט אַראָבוואַרפֿען (סיידען ער ווערט צום אַנדער מאָל ניט אויסגעקליבען, דאַן פֿערליערט ער זיין שטע-לע) אויסער דעם פֿאַל, וואו מען קען נאָכווייזען, אַז ער האָט נושא פנים געוועזען, מיט אַ כיון גע׳משפט ניט נאָך דעם געזעץ נאָך.

אויסער די ריכטער שפּיעלען נאָך אין געריכט אַ גרויסע ראָליע

די געשוואָרענע, פֿון זיי היינגט אָב צו זאָגען: שולדיג אָדער ניט שול־דיג. די געשוואָרענע ווערען צו יעדער סעסיע (סעסיע רופֿט זיך אָן אַ בעשטימטער משך צייט, — 2 וואָכען, אַ חודש, — ווען דאָס גע־ריכט פֿערנעהמט זיך מיט אַ געוויסער צאָהל משפטים) אויסגעקליבען דורך דעם גורל. אָבער ניט אַלע ווערען צוגעלאָזען צום גורל; נאָר רייכע און ז. וו. אידען כמעט גאָר ניט. מיר פֿאָדערען, אַז אַלע, וועל־כע האָבען שטימרעכט, דאָס הייסט, אַלע ניט אינגער איידער 20 יאָהר, אַ חוץ משוגעים און פֿערברעכער, זאָלען קענען זיין געשוואָרענע. נאָר אַ געריכט, וואָס איז געבויט אויף די פרינציפּען, וואָס מיר האָבען דאָ אַרויסגעשטעלט, וועט זיך קענען שטיצען אויף דעם צוטרוי פֿון פֿאָלק.

ווי באַלד מיר ריידען שוין וועגען דעם געריכט, וועלען מיר זאָגען עטליכע ווערטער וועגען די געזעצען פֿון לאַנד. עס פֿערשטעהט זיך, אַז דער רוסישער געזעצבוך וועט דאַרפֿען אומגעביטען ווערען פֿון טאָוועל ביז טאָוועל. און גראַדע אין דער לעצטער צייט זיינען אַריינ־געפֿיהרט געוואָרען אַזוינע פֿערענדערונגען, וועלכע מאַכען דעם שלעכ־טען רוסישען געזעצבוך נאָך אַ סך ערגער, און דיזער רעפֿאָרמירטער געזעצבוך דאַרף אין קומענדען יאָהר אַריינטרעטען אין קראַפֿט, — פֿערשטעהט זיך, אויב די רעגירונג וועט ביז דאַן ניט פֿערטריבען ווע־רען צוזאַמען מיט איהרע געזעצען.

עס איז שווער זיך פֿאָרשטעלען, אַז די קאָנסטיטואירענדע פֿער־זאַמלונג זאָל קענען אויספֿיהרען אַזאַ שווערע אַרבייט, ווי אַרויסגעבען אַ נייעם געזעצבוך. נאָר איינס איז קלאָר: די קאָנסטיטואירענדע פֿער־זאַמלונג וועט מוזען אויף דער הייסער צייט לכל הפחות אויסמעקען פֿון געזעצביך אַזעלכע געזעצען, ווי, למשל, די אויסנאַהמסגעזעצען וועגען אידען, וועגען פּאָליטישע, רעליגיעזע פֿערברעכען און ז. וו. און די איבעריגע שווערע אַרבייט איבערלאָזען דעם פּאַרלאַמענט. דער־ביי וועלען מיר פֿאָדערען ביי דער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג, עס זאָלען אויפֿגעשטעלט ווערען די פרינציפּען, נאָך וועלכע דאָס געזעצבוך דאַרף אויסגעאַרבייט ווערען. עס דאַרף קלאָר און שאַרף אויסגעדריקט ווערען, אַז די געזעצגעבער דאַרפֿען זיך שטעלען אויף דעם שטאַנדפּונקט פֿון דער היינטיגער וויסענשאַפֿט, וועלכע זעהט אין דעם פֿערברעכער אַ פּראָדוקט פֿון דער איצטיגער געזעלשאַפֿטס אָרדנונג; נאָך דעם נאָך דאַרפֿען אַריינגעפֿיהרט ווערען מילדערע און מענשליכערע שטראָפֿען, עס דאַרפֿען פֿערוועהרט ווערען קערפּערליכע שטראָפֿען פֿאַר אַרעסטיר־טע, די טויטשטראָף דאַרף גאָר בטל ווערען, ווי דאָס פֿאָדערען אַלע צי־וויליזירטע פֿעלקער, עס דאַרפֿען איינגעפֿיהרט ווערען „בעדינגטע" אור־טיילע (פּסק־דין אויף אַ תנאי), ד. ה., מען פֿער'משפט אַ מענשען פֿאַר אַ פֿערברעכען, אָבער מען לאָזט איהם פֿריי מיט דער בעדינגונג, אַז אויב ער וועט זיך נאָך אַ מאָל פֿערזינדיגען, וועט מען איהם האַרטער בעשטראָפֿען און דעם אַלטען חוב אויך צורעכענען. מיר קענען דאָ ניט אויסרעכענען אַלע פרינציפּען פֿון דער געזעצגעבונג, ווייל דאָס וואָלט אונז צו ווייט פֿערפֿיהרט.

## III. פֿאָלקס־מיליץ אנשטאט שטענדיגען חיל.

מיר ווילען צוערשט ערקלערען אונזער פֿאָדערונג און דערנאָך ווע־לען מיר בעווייזען, וואָס פֿאַר אַ נוצען דער גאַנצער קולטור וועט ברייג־גען די ערפֿילונג פֿון אונזער פֿאָדערונג. מיר ווילען דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל קענען טראָגען געוועהר און בעגעהן זיך מיט געוועהר, אָבער עס זאָל ניט זיין קיינע סאָלדאַטען, ס'זאָל ניט זיין קיין חיל אין די קאַזאַר־

מעס; מיר ווילען, אַז אין די שולען זאָלען זיך די קינדער בעשעפֿטיגען
מיט גימנאַסטיק, וועלכע זאָל שטאַרקען זייער גוף צוגעוועהנען זיי לייכט
אַריבערצוטראָגען קערפּערליכע אָנשטרענגונגען. ס'זאָלען געגרינדעט
ווערען שיסער-פֿעראיינען, יעדער, ווער עס וויל, זאָל זיך קענען פֿער-
שאַפֿען וואַפֿען. פֿאַר אזאַ בעפֿעלקערונג איז גענוג, ווי מיר זעהען
דאָס אין דער שווייץ. אַז יעדער בירגער, וואָס ווערט אַלט 20 יאָהר,
זאָל נאָר פֿערברייננגען 45 טעג אין קאַזאַרמע, און זאָל פֿאַר דער קור-
צער צייט קענען ווערען אַ גוטער סאָלדאַט. אמת, מען לערענט איהם
ניט, ווי ביי אונז די אידיאָטישע „סלאָוועסנאָסט" און ער קען קיין „פּאַ-
ראַדע" מאַרש ניט געהן, אָבער דערפֿאַר שיסט ער גוט, ווייס ווי זעלבסט-
שטענדיג צו האַנדלען, קריגט אין די הענד געדרוקטע אינסטרוקציעס,
ווי און וואָס ער דאַרף טהאָן. דיענט ער אָב 45 טעג, (קאַוואַלעריסטען
— 80 און אַרטילעריסטען — 55), קעהרט ער זיך אום אַהיים צו זיינע
געשעפֿטען און נעהמט מיט זיך די גאַנצע אַמוניציע (קליידונג, ביקס
א. ז. וו.). יעדער בירגער רעכענט זיך ביז צו 32 יאָהר אין אַקטיווען
מיליטער דיענסט, און מוז יעדע צוויי יאָהר דיענען 18 טעג. דאָס איז
די גאַנצע „סלוזשבע" זייערע. ביי אַ ציוויליזאַציע ווייס שוין יעדער,
וואוהין ער דאַרף קומען און קומט שוין פֿאַרטיגערהייט. די סאָלדאַטען
קלייבען זיך אויס אונטעראָפֿיצירען; די אָפֿיצירען ווערען אין דער שווייץ
ניט אויסגעקליבען; מיר פֿאָדערען, אַז די אָפֿיצירען זאָלען אויך אויס-
געקליבען ווערען דורך די סאָלדאַטען (עס פֿערשטעהט זיך, אַז פֿאַר אַ
אָפֿיציר וועט מען נאָר קענען אויסקלייבען אַ מענשען, וואָס האָט אויס-
געהאַלטען אַ'ן עקזאַמען אין מיליטער-וויסענשאַפֿטען).
אויב ס'איז ריכטיג, וואָס די בורזשואַזיע געזעלשאַפֿט זאָגט, אַז
מיליטער איז נויטיג ניר כדי צו בעשיצען דאָס פֿאָטערלאַנד פֿון אוי-
סערן שונא, דאַרף מען קיין בעסערען שוין ניט האָבען איידער פֿאָלקס-
מיליציע. די מיליציאָנערען וועלען קעמפֿפען ווי לייבען, וואָרום דאָס
וועלען זיין פֿרייע בירגער, וועלכע פֿערטיידיגען זייער פֿרייהייט, זייער
לעבען, זייער האָב און גוטס. מיר האָבען דאָס געזעהן ביי די בורען
אין אַפֿריקאַ, ווי אַ הייפֿעלע מענשען האָבען העלדענהאַפֿט פֿערטיידיגט
זייער פּאָליטישע פֿרייהייט אַנטקעגען אַ פֿיעל שטאַרקערען אין גרעסע-
רען שונא; מיר קענען עס איצטער זעהן, ווי די ווילדע הערעראָס (נע-
גערן) אין אַפֿריקאַ פֿערטיידיגען זיך אַנטגעגען די דייטשען שוין באַלד
2 יאָהר, כאָטש די דייטשען זיינען „ציוויליזירט", פֿיעל בעסער בעוואַ-
פֿענט א. ז. וו.
אַלע „ציוויליזירטע" פֿעלקער ווערען איצטער דערשטיקט אונטער
דעם יאָך פֿון מיליטאַריזם; די הוצאה אויף דעם חיל פֿערנעהמט אַ דריי-
טער פֿון אַלע הוצאות, וועלכע די מדינה גיט אויס יעהרליך. די מדינות,
אפילו רייכערע איידער רוסלאַנד, למשל דייטשלאַנד, פֿראַנקרייך מוזען
אַריין אין שולדען, לייהען אַלע יאָהר געלד ביי די באַנקירען כדי צו
דעקען די הוצאות אויף דער אַרמעע; מען מוז נאָך אַ חוץ די דירעק-
טע הוצאות אויף די אַרמעע אַלע יאָהר צאָהלען הונדערטער מיליאָנען
רובל (און וואָס ווייטער אַלץ מעהר, וואָרום דער חוב ווערט אַלץ גרע-
סער) פּראָצענטען. די שטייערן מוזען דערפֿאַר גרעסער ווערען, און די
מלוכה זוכט נאָך אַ חוץ דעם אָבצושפּאָרען אין אַנדערע פֿיעל נויטיגע-
רע זאַכען, ווי פֿאָלקס-אויפֿקלערונג און ד. גל. אין רוסלאַנד קען דאָס
שוין ווייטער גאָר ניט געהן, די רוסישע בעפֿעלקערונג איז הונגעריג,
אינוויסענד, די מלוכה איז באַלד באַנקראָט. אָבער אין דייטשלאַנד,
פֿראַנקרייך איז אויך די לאַגע ניט גלענצענד. זאָל אָבער דורכגעפֿיהרט
ווערען אונזער פּלאַן, פֿאַלט אַראָב כמעט די גאַנצע הוצאה; ס'איז דאָך

ניט גלייך אויסהאַלטען אַ סאָלדאַט 2 יאָהר (דייטשלאַנד, פראַנקרייך), אָדער 4 יאָהר, ווי ביי אונז, אָדער נאָר 45 טעג. מען וועט אויסער-דעם ניט דאַרפען האָבען אַזוי פיעל אָפיצירען, קאַזאַרמעס, וואָרום אונ-טערען ביקס וועלען זיך דאַן געפינען וועניגער מענשען.

פאַר די בעפעלקערונג וועט שוין זיין אַ גרויסע טובה, וואָס די הונדערטער מיליאָנען רובל, וועלכע ווערען איצטער אַרויסגעוואָרפען אַלע יאָהר אויף אויסצוהאַלטען דאָס מיליטער, וועלען אויסגעגעבען ווע-רען אויף נוצליכע זאַכען; נאָר אַ חוץ דעם, וועט נאָך זיין אַ גליק, וואָס איבער אַ מיליאָן יונגע און געזונדע מענשען וועלען ניט אָבגע-ריסען ווערען אויף 3-2 יאָהר פון זייערע געשעפטען. וויפיעל מיליאָ-נען פערליערט דורך דעם די בעפעלקערונג, וואָס די בעסטע קרעפטען איהרע ווערען פערשפאַרט אין קאַזאַרמע און ניט נאָר זיי פערדיענען ניט, נאָר מען דאַרף נאָך זיי אויסהאַלטען.

מיר ווייסען זעהר גיט, אַז די אורזאַכע פון מלחמות ליגט טיעף איינגעוואָרצעלט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפטסאָרדנונג, אַז וועלט-פריעדען און פעלקער-ברידערשאַפט וועט נאָר אין סאָציאַליזם פערווירקליכט ווערען, און דאָך זאָגען מיר, אַז ביי דער אָרגאַניזאַציע פון פאָלקס-מיליץ אַנשטאָט שטענדיגען היל וועלען דאָך מלחמות פיעל זעלטענער פאָרקומען. אין דעם שטענדיגען חיל ליגט אַ גרויסע סכנה פאַר דעם פריעדען. עס געהען אַרום צעהנדליג טויזענדע אָפיציערען און גענעראַלען אָהן אַ שטאַך אַרבייט; זייער אַרבייט איז מענשען טוי-טען, אָבער עס הערשט פריעדען צווישען די פעלקער; מען דערשיסט ווען עטליכע שטרייקענדע אַרבייטער, דערמיט קען מען דאָך ניט זיין צופריעדען. און נין שפרינגען אַרויס ביי די אָפיצערען און גענעראַלען טעאָריען, — און מען שעמט זיך ניט צו שרייבען אָפען וועגען דיזע טעאָריען, — אַז מלחמות זיינען נויטיג, ווייל זיי ענטוויקלען העלדישע איינענשאַפטען ביי די פעלקער; די פעלקער לאָזען זיך אָב, ווען עס דויערט אַ לאַנגע צייט פריעדען. דיזע העלדען-אָפיצערען ווייסען ניט, וויפיעל העלדענשאַפט און מוטה מען דאַרף דערצו האָבען, ווען די אַרבייטער לאָזען זיך אַראָב טיעף אונטער דר'עיד אין די שאַכטעס, אָדער אויף'ן גרונד ים, ווען זיי שטעלען זייער לעבען אין קאָן ביי יעדער שווערער אַרבייט. מאַכט זיך נאָר אַ סכסוך צווישען די רעגירונגען, צווישען דיפלאָמאַטען, גלייך טרעטען אַרויס די מיליטערפאַרטייען, הוי-בען אָן פראָפּאַגאַנדירען זייערע באַרבאַרישע אידעען. זאָל נאָר זיין פאָלקס-מיליץ, וועלען די הערען דיפלאָמאַטען און העכערע גענעראַ-לען ניט אַזוי גיך אָנהויבען אַ קריעג, זיי וועלען ווייסען, אַז אין די קאַזאַרמעס שטעהען ניט אָנגעגרייט אַ מיליאָן סאָלדאַטען אין אָפיצערען, נאָר מען דאַרף זיי צונויפרופען, אָברייסען פון זייערע געשעפטען, און דאַן וועט זיין מעגליך צו פיהרען אַ קריעג סיידען נאָר, ווען די גרויסע מעהרהייט פון פאָלק וועט דעם קריעג וועלען.

מיר האָבען בעוויזען דעם מאַטעריעלען נוצען פון אונזער פאָדערונג, קולטורעל איז זי אויך זעהר וויכטיג. ביי דער איצטיגער אָרגאַניזאַ-ציע פון דעם מיליטער ווערען מיליאָנען יונגע מענשען אויף 4-3-2 יאָהר אָבגעריסען פון זייער פאַמיליע, פון זייערע פריינד, פון זייערע אָרגאַני-זאַציעס. זיי ווערען אַוועקגעשטעלט אונטער אַ שטרענגער דיסציפלין, זיי געהען אום לויז און ליידיג. זיי ווערען פערגרעבט, דער מוח אָבגע-שטומפט, נעהמען אין זיך אַריין קנעכטישע געפיהלען; עס ווערט ביי זיי קראַנק אי דער גוף, אי די נשמה. האָבען זיי אָבגעדיענט, טראָ-גען זיי פאַנאַנדער דעם סם איבער דאָס גאַנצע לאַנד. אין דער מי-ליץ איז אונמעגליך אין 45 טעג צו מאַכען פון אַ מענשען אַ חיה

רעה, דער סאָלדאַט בלייבט אַ בירגער, ווי פֿריהער.

אָבער מיר מעגען בריינגען נאָך טויזענדער בעווייזע, ווי ניצליך עס וואָלט געווען אַזאַ רעפֿאָרם, און דאָך ווייסען מיר, אַז מיר ריידען דערווייליע פֿאַר טויבע אויערן. די גאַנצע בורזשואַזיע געזעלשאַפֿט פֿון רעאַקציאָנער ביז צום פֿייערדיגען דעמאָקראַט — אַלע וועלען זיין אַנט-קעגען אונז. און דאָ געהען מיר צו צו דעם עיקר. די בורזשואַ-זיע זעהט אין דער מיליטער די בעסטע שטיצע, וועל-כע פֿערטיידיגט זי פֿון דעם אינערען שונא, פֿון דעם רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריאַט. די בורזשואַזיע וויל מיט אַ כיון, אַז די סאָלדאַטען זאָלען פֿערגרעבט ווערען, אַז זיי זאָלען דיענען טויזענדער וויאָרסט פֿון זייער היימאַט, און אַז עס וועט אויס-קומען צו שיסען אויף אַרבייטער, זאָלען עס זיין פֿאַר'ן סאָלדאַט פרעמ-דע מענשען. די בורזשואַזיע וויל מיט אַ כיון האַלטען דעם סאָלדאַט אַ לאַנגע צייט אין דער קאַזאַרמע, כדי אויסצואוואָרצלען ביי איהם זיינע מענשליכע געפֿיהלען, וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט, און מאַכען פֿון איהם אַ מאַשינע, וואָס שיסט און שטעכט אין פֿערגיסט מענשען-בלוט אויף דעם בעפֿעהל פֿון אָפֿיציר. אין דייטשלאַנד דיענען די סאָל-דאַטען 2 יאָהר; אין פֿראַנקרייך איז ערשט היי-יאָהר דורכגעפֿיהרט גע-וואָרען די 2-יאָהריגע דיענסט-צייט. אָבער ניט מיינט, אַז אַלע דיענען אין דייטשלאַנד 2 יאָהר; מענשען, וואָס צאָהלען פֿאַר זייער מוניציע און פֿאַר קעסט און האַלטען אויס אַ געוויסען עקזאַמען, דיענען 1 יאָהר. אויב אַז עס איז גענוג פֿאַר אַ רייכען, ער זאָל אויסלערנען די חכמה פֿאַר איין יאָהר, פֿאַר וואָס מוזען דאָס אַלע דיענען 2 יאָהר? דער תירוץ איז: מען וויל וואָס לייגגער האַלטען אין קאַזאַרמע דעם סאָל-דאַט, כדי מען זאָל זיך קענען אויף איהם פֿערלאָזען. *

מיר דאַרפֿען זיך אין אונזערע האָפֿנונגען ניט אָפּנאַרען, מיר דאַר-פֿען גוט וויסען, וואָס קען גלייך דורכגעפֿיהרט ווערען און וואָס ניט, מיר מוזען מיט ביטערקייט אַרויסזאָגען, אַז דיזע פֿאָדערונג פֿון אונזער פּראָגראַם-מינימום: פֿאָלקס-מיליץ אַנשטאָט שטענדיגען חיל — איז נאָך ווייט פֿון פֿערווירקליכט צו ווערען. דער פּראָלעטאַריאַט מוז זיין פֿיעל פֿעסטער אָרגאַניזירט, אויפֿגעקלערט אין זיינע ווייטעסטע און ברייטעס-טע מאַסען, כדי מיר זאָלען קענען דורכקעמפֿען דיזע רעפֿאָרם. מיר זעהען, אַז אין מערב-אייראָפּא שטעלען אַרויס דיזע פֿאָדערונג נאָר אונזערע גענאָסען, דאָס זעלבע אין רוסלאַנד. און בפרט, אַז רוסלאַנד האָט פֿערלאָרען איהר גאַנצע מיליטערישע מאַכט אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן, וועט די בורזשואַזיע האָבען איין טענה: מען מוז בעפֿעסטיגען און בעשיצען אונזער פֿאָטערלאַנד.

דאָ איז ניט דער אָרט צו ערקלערען, וועלכע פֿאָדערונגען מיר וועלען מוזען אַרויסשטעלען צו דער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג, אויב עס וועט זיך ניט איינגעבען אָבצושאַפֿען דעם שטענדיגען חיל. מיר קענען נאָר, אַלס אַ ביישפּיעל, אָנווייזען אויף אייניגע פֿון זיי: וואָס מעהר פֿערקלענערען די דיענסט-צייט (למשל, ביז 1 יאָהר), מאַ-כען זי זאָל זיין גלייך פֿאַר אַלעמען, סיי פֿאַר אָרעמע, סיי פֿאַר רייכע, אָבשאַפֿען די אַריסטאָקראַטישע גוואַרדיע-פּאָלקען, די קאָזאַקען-פּאָלקען, קאָדעטען-קאָרפּוסען, וואו קליינע קינדער ווערען שוין אָבגעזונדערט פֿון אַלע איבעריגע מענשען און ווערען „ערצויגען" צו אָפֿיצירען, אָבשאַפֿען די מיליטער-געריכטען און ז. וו. און ז. וו.

---

* זעה נאָך וועגען דעם די בראָשיורע: „וואָס איז אַ קאָנסטיטואירענ-דע פֿערזאַמלונג", זייטע 25-23.

## IV. די רעגירונגס־בעאמטען און די בעאמטען אין די ארטס־פערוואלטונגען (פון שטאדט און דארף) מוזען ריידען און דורכשרייבען זיך מיט דער בעפעלקערונג אין דער מוטערשפראך פון דער בעפעלקערונג.

דיזע פָאָדערונג פֿערשטעהט זיך פֿון זיך אַליין אין אַ דעמאָקראַטישער מדינה, וואו די רעגירונג עקזיסטירט צוליעב דער בעפֿעלקערונג און ניט די בעפֿעלקערונג צוליעב די רעגירונג. די בעפֿעלקערונג וויל און מוז האָבען דאָס רעכט צו ווענדען זיך — שריפֿטליך און מונדליך — צו די רעגירונגס-איינריכטונגען אויף איהר מוטערשפראַך און בעקומען אַ ענטפֿער אויף דער זעלבער שפראַך. בעזאָנדערס איז דאָס וויכטיג אין רוסלאַנד, וואו עס וואָהנען פֿיעל נאַציאָנען.

מען וועט אונז זאָגען: מען קען דאָך ניט פֿאָדערען, אַז יעדער בעאַמטער זאָל קענען אַלע שפּראַכען, וועלכע ווערען געברויכט אין רוסלאַנד. אָבער דאָס איז נאָר אַ אויסרייד, ווייל ניט קוקענדיג, וואָס אין רוסלאַנד וואָהנען אַ סך נאַציאָנען, געפֿינען זיך דאָך אויף יעדען בעזונדערען אָרט ניט מעהר, ווי צוויי אָדער דריי נאַציאָנען. דעריבער וועט אַ בעאַמטען אויסקומען צו קענען גאָר ווענִיג שפּראַכען. אַ בעאַמטער אין ווילנא, למשל, וועט דאַרפֿען קענען אידיש, פּויליש און ליטוויש, אין ריגאַ: דייטש, לאָטוויש, אידיש, אין קיעוו: קליין-רוסיש, פּויליש, אידיש, אין באַקו: אַרמעניש, טאַטאַריש א. ז. וו. ווי איהר זעהט, איז דאָס ניט זעהר שווער און דאָס וועט זיין נאָך גרינגער, ווען בעאַמטע וועלען אויסגעקליבען ווערען אויף׳ן אָרט פֿון דער בעפֿעלקערונג. עס פֿערשטעהט זיך, אַז ווען מען שיקט אַראָב אַ בעאַמטען פֿון פּעטערבורג אין באַקו, אָדער מען פֿיהרט אַריבער איינעם פֿון סאַמאַראַ אין וואַרשע, קענען זיך די בעאַמטע ניט צונויפֿריידען מיט דער בעפֿעלקערונג.

די פֿאָדערונג, וועגען וועלכער מיר ריידען דאָ, איז אַזוי קלאָר און זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז מיר האַלטען ניט פֿאַר נויטיג אָבצושטעלען זיך נאָך ווייטער אויף איהר. מיר ווילען נאָר אויפֿווייזען אויף עסטרייך, וואו די שפּראַכען-פֿראַגע איז געוואָרען אַ׳ן אונגליק פֿאַר דעם לעבען פֿון דער מלוכה, ווייל די דייטשע נאַציאָנאַליסטען און שאָוויניסטען שטעהען שטאָל און אייזען דערפֿאַר, אַז די דייטשע שפּראַך זאָל אויך אויף ווייטער בלייבען די איינציגע שפּראַך פֿון די מלוכה איינריכטונגען און ווילען אין דעם פּונקט קיין איינציגער נאַציאָן ניט נאָכגעבען.

---

פֿון רעפֿאָרמען אין קולטורעלען און גייסטליכען לעבען שטעלען מיר זיך אָב אויף די פֿאָדערונגען בנִיגע צו די אמונה-ענינים און פֿאָלקס-אויפֿקלערונג. דאָ איז כדאי צו בעמערקען, אַז די פֿערווירקליכונג פֿון יענען פּונקט אין אונזער גאַנצען פּראָגראַם-מינימום פֿיהרט צום קולטורעלען פּראָגרעס און גייסטיגער ענטוויקלונג. פּאָליטישע און פּערזענליכע פֿרייהייט, סאָציאַל-עקאָנאָמישע רעפֿאָרמען, דאָס זיינען זעהר וויכטיגע און נויטווענדיגע פֿאַקטאָרען אין קולטורלעבען פֿון די נאַציאָנען.

## V. די רעליגיאן איז א פריוואט־זאך. די קירכע דארף אבגעטיילט ווערען פון דער מלוכה.

פֿון איין זייט אַ סאָלדאַט מיט דעם ביקס, פֿון דער אַנדער זייט אַ גלח מיט׳ן צלם (אָדער אַ רב מיט׳ן שטריימעל, אַ מוללאַ מיט דער

האַלבער לבנה) און אין מיטען—דער בורזשואַ-עקספּלואַטאַטאָר,—דאָס א די היילינע דרייאייניגקייט, אויף וועלכע עס שטעהט די איצטיגע וועלט. די הערשענדע קלאַסען זיינען טייוועליש קלוג; זיי בענוגענען זיך ניט נור מיט געוואַלט אַליין אויף צו צווינגען די ברייטע אַרבייטער-מאַסען, זיי זאָלען זיך לאָזען צאַפּען די בלוט, עקספּלואַטירען און פּערקנעכטע; זיי סטאַרען זיך נאָך אַיינצושמועסען די עקספּלואַטירטע און אונטערדריקטע, אַז אַנדערס דאַרף דאָס ניט זיין, אַז גאָט וויל אַזוי. דייטליך און איינפּערשעמט טרעט דאָס אַרויס, ווען מען בויט, למשל, אויס אַ נייע געפּענגניס און מען מאַכט חנוכת הבית, די גלחים מאַכען דאָס הויז היילינ; אָדער ווען דער גלח אדער דער רב קומט צו איינעם, וואָס איז פּערורטיילט צום טויט, און וויל איהם טרויסטען און זאָגען מיט איהם ודוי און דערגלייכען. דער זעלבער רעיון, אַז גאָט וויל, אַז די וועלט זאָל זיין אַזוי, ווי זי איז איצטער, ליגט אויך, נאָר פֿערבאָרגען, אין אַלע דרשות פֿון גלחים און רבנים, אַז גאָט וועט בעצאָהלען אויף יענער וועלט, אַז אויף דיזער וועלט דאַרף מען געדולדיג אַריבערטראָגען, וואָרום גאָט פּרופּט אונז אויס א. ז. וו. די קאַפּיטאַליסטען ווייסען זעהר גוט, אַז די קייטען, וואָס אַ מענש טראָגט אין זיך, דאָס מורא-האָבען פֿאַר גאָט אויף דער וועלט און די האָפֿנונג איף אַ בעסערע יענע וועלט, זיינען פֿיעל זיכערער איידער די קייטען, וואָס דריקען אויף איהם פֿון אויסען, איידער פּאָליציי און מיליטער; דערפֿאַר זאָגען און שרייבען די הערשענדע קלאַסען אַ-ע מאָל: „די רעליגיאָן מוז בלייבען פֿאַר'ן פּראָסטען פֿאָלק", אַפילו ווען זיי אַליין הערען אויף צו גלויבען אין גאָט *).

וואָס מיר פֿאָדערן אין אונזער פּראָגראַם איז ניט די אָבשאַפֿונג פֿון רעליגיאָן. אָבשאַפֿען די רעליגיאָן דורך אַ געזעץ איז אויך אַזוי רעאַקציאָנער, ווי איינפֿיהרען אַ געזעץ, אַז יעדער מוז זיין רעליגיעז אין פֿרום. די איצטיגע רעליגיאָן, וועלכע איז געגרינדעט אויף אונוויסענהייט און אַיינגלויבעניסען פֿון די פֿאָלקסמאַסען, קען אונטערגעגראָבען ווערען נור דורך פֿאָלקסאויפֿקלערונג און דורך וויסענשאַפֿט. דורך געזעצען קען מען נור פיהרען אַ קאַמפּף מיט דער קירכע, אַז זי זאָל קיין אַיינפֿלוס מעהר ניט האָבען אויף די מדינה-ענינים און, פֿערקעהרט, די מלוכה זאָל זיך ניט מישען אין די ענינים פֿון אמונה. רעליגיאָן איז פּריוואַט-זאַך — הייסט: בירגער, וואָס ווילען דינען צו זייער גאָט, קענען גרינדען אַ פֿערא‏יין, פֿאַר אייגענע געלד בויען זיך אַ קירכע, אַ שול, דינגען זיך אַ גלח, אַ רב. דאָס איז זייער פּריוואַט-זאַך, די רעגירונג קען זיך אין דעם ניט מישען, וואָרום די קאָנסטיטוציע גאַראַנטירט פֿעראיינס-רעכט. זיי קענען זיך אויסקלייבען פאַר אַ גאָט יועמען זיי ווילען. די רעגירונג קען זיי ניט אָנווייזען. די קירכע דאַרף אָבגעטיילט ווערען פֿון דער מלוכה — הייסט: די קירכע דאַרף אויפֿהערען צו זיין אַ מלוכה-אַיינריכטונג, נור זי דאַרף זיין אַ פּריוואַטער פֿעראיין פֿון גלייכגלויביגע מענשען. איצטער בויט די רעגירונג קירכען אויף דעם חשבון פֿון דער מלוכה, האַלט אויס דעם סינאָד, צאָהלט געהאַלט די גלחים, האַלט אויס קירכען-שולען, סעמינאַריעס, אַקאַדעמיעס, וואו יונגע לייט לערנען זיך פֿאַר גלחים; אומגעקעהרט, האָט די קירכע אַ גרויסען אַיינפֿלוס אויף די מדינה-ענינים: דער אָבערפּראָקוראָר (דער הויפּטפֿיהרער פֿון סינאָד) זיצט אין מיניסטאָרען-ראַט און האָט די זעלבע רעכטען, ווי אַ מיניסטער; ער האָט אַ

---

*) די לעזער, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט דער פֿראַגע וועגען רעליגיאָן און די שטעלונג פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע צו איהר, שיקען מיר אָב צו דער בראָשיורע פֿון מ. א. „רעליגיאָן און קלאַסענגעגענזעצע", אַרויסגעגעבען פֿון „בונד" 1903.

דעה אין אַלע זאַכען, וואָס איז שייך צו פֿאָלקס-אויפֿקלערונג, צו צענזור; עס ווערען אָבגעהאַלטען תפילות ביי דער ערעפֿנונג פֿון די זיצונגען אין די זעמסטוועס, געריכטען א. ז. וו. מען דאַרף פֿיעל וועגען דעם ניט ריידען, מיר ווייסען גוט, ווי דאָס רוסישע פֿאָלק ליידעט אונטער דער הערשאַפֿט פון דער קירכע.

וואָס אַרט דאָס אונז, אידישע פּראָלעטאַריער? קען מען ביי אונז פֿרעגען. די אידישע רעליגיע שפּיעלט סיי ווי סיי ניט קיין ראָליע אין דער מדינה, און די מלוכה מישט זיך ניט אין אונזערע רעליגיעזע ענינים, מיר קלייבען אויס רבנים, ועמען מיר ווילען, מיר האַלטען אַליין אויס אונזערע ישיבות, מיר בויען אַליין אונזערע בתי-מדרשים, אונזערע רבנים זיצען ניט אין מיניסטאָרען-ראַטה א. ז. וו. עס איז אָבער זעהר קורצזיכטיג אַזוי צו רעכענען. פֿאַר אונז, אויפֿגעקלערטע פּראָלעטאַריער, איז אַלַין איינס מיט וועלכער רעליגיע מאַכט די מלוכה יד אחת, צו מיט דער אידישער, צו מיט דער קריסטליכער. די קריסטליכע קירכע קען ניט דירעקט פֿערדונקלען דעם קלאַסענבעוואוסטזיין פֿון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, אָבער די קריסטליכע קירכע דורך דעם, וואָס זי שפּיעלט אַ ראָליע אין לעבען פֿון דער מלוכה, וואָס די רעגירונג איז מיט איהר ענג פֿערבונדען, דורך דעם, זאָגען מיר, איז זי שעדליך פֿאַר אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטען אין דער מדינה און טהוט אָן ניט וועניג צרות אין גאַנצען לאַנד.

רעליגיע איז פּריוואַט-זאַך. דאָס איז נאָך ביי אונז, אידען, אויך ניט דורכגעפֿיהרט. די שולען ווערען געבויט און אויסגעהאַלטען צום טייל אויף קאָראָבקע-געלד, די רבנים בעקומען זייער געהאַלט אויך פֿון דער קאָראָבקע, אָדער מען מאַכט נאָך אין די קליינע שטעדטלעך אַ ספּעציעלע קאָראָבקע אויף הוויוען, זאַלין און ד. ג. קאָראָבקע פֿאַר פֿלייש, אָדער פֿאַר הוויוען א. ז. וו. צאָהלען אַלע אידען, אפילו אַזעלכע, וועלכע קומען שוין אויס אָהן אַ שוהל און אָהן אַ רב. רעליגיע איז פּריוואַט-זאַך — הייסט אָבער, אַז געלד אויף רעליגיעזע צוועקען גיבען נאָר גלויביגע.

ווי איז אין מערב-אייראָפּאַ אין דעם פּרט? אין דער שווייץ, פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון אַמעריקע, איצטער כמעט אין פֿראַנקרייך איז אונזער פֿאָדערונג דורכגעפֿיהרט. די רוסישע ליבעראַלען און דעמאָקראַטען דערמאָהנען וועגען דעם גאָרנישט אין זייערע פּראָגראַמען און רעזאָלוציעס. פֿערקעהרט נאָך, זיי געהען ווייטער: אין דעם פּראָיעקט פֿון דער רוסישער קאָנסטיטוציע, וואָס די אָסוואָבאָזשדענצעס האָבען אַרויסגעגעבען, איז דאָ אַ בעשטימונג, אַז דער קיסר, בשעת ער שטייגט אַרויף אויף'ן טראָן, דאַרף ברענגען אַ שבועה אין דער געגענוואַרט פֿון די מיניסטאָרען, סענאַט און הייליגען סינאָד...

## VI. אלע קינדער, אינגלעך און מיידלעך, סיי ארעם, סיי רייך, מוזען ביז 16 יאהר לערנען זיך אין א פאלקסשולע.

די פֿאָלקס-אויפֿקלערונג! זי האָט געדאַרפֿט זיין איינע פֿון די הייליגסטע פֿפליכטען, וועלכע די מלוכה האָט אַנטקעגען איהרע בירגער. וועניגער קירכען און מעהר פֿאָלקסשולען — דאָס האָט בעדאַרפֿט זיין דער דעוויז פֿון אַ ציוויליזירטער מלוכה. מיר ריידען שוין ניט וועגען דעם, אַז יעדער בירגער און בירגערין קען ביי דער מלוכה מאָהנען, מען זאָל זיי אויסלערנען לייענען, שרייבען און רעכענען, נאָר די מלוכה

איז מחויב צו געבען פֿיעל מעהר; די פֿאָלקסשולע דאַרף זיין גוט אָרגאַניזירט, אַז מען זאָל דאָרטען נאָך בעקומען אַ געוויסען גראַד בילדונג: נאַטורוויסענשאַפֿט, פֿיזיק און כעמיע, געשיכטע און געאָגראַפֿיע, די קאָנסטיטוציע און די וויכטיגסטע געזעצען — דאָס דאַרף יעדער קענען. די ברייטע אַרבייטערמאַסען, די וואָס אַקערן און זייהען, שפּינען און נייען, שמיעדען און האַמערן, זיי מאַכען דעם פּראָגרעס מעגליך, אויף זייערע פּלייצעס האַלט זיך אונזער ציוויליזאַציע. וואָס פֿאַר אַ טראַגעדיע דאַרף זיך אָבשפּיעלען אין האַרצען פֿון אַ'ן אַרבייטער, וועלכער מאַכט מיקראָסקאָפּען, עלעקטרישע אינסטרומענטען, בויט אוניווערזיטעטען, אָבסערוואַטאָריעס א. ז. וו., און האָט קיין בעגריף ניט וועגען די וואונדער פֿון דער וועלט און די סודות פֿון דער נאַטור. די וויסענשאַפֿט מוז זיין פֿאַר דעם פֿאָלק און ניט פֿאַר אַ קליינעם הייפֿעלע מענשען, פֿאַר רייכע, פֿאַר ליידיגגעהער.

אַז אַלע מוזען קענען לייענען און שרייבען—דאָס האָט שוין איינגעזעהען אפילו די רוסישע רעגירונג אויך, דאָס פֿאָדערן די פֿאַבריקאַנטען, וואָרום זיי קענען גאָר נישט מאַכען מיט אַרבייטער, וואָס קענען ניט לייענען, ניט שרייבען, זיי ווילען נאָך, אַז די אַרבייטער זאָלען אפילו עטוואָס קענטניס אויך האָבען. אונזער פֿאָדערונג געהט פֿיעל ווייטער. אין 10 יאָהר, פֿון 6-טען ביז'ן 16-טען לעבענסיאָהר, קען מען בעקומען אַ גוטע מאָס בילדונג. די אויפֿגעקלערטע אַרבייטערמאַסען וועלען געוויס נאָך דאַן אויך זיין אונצופֿריעדען, וואָרום זייער דורסט צו וויסענשאַפֿט איז זעהר גרויס, וואָרום דער אַרבייטער-קלאַס איז דער איינציגער, וועלכער שטרעבט צום ריכטיגען פּראָגרעס, אַלץ העכער און העכער; די גימנאַזיעס, די אוניווערזיטעטען, די אַקאַדעמיעס וועלען נאָך דאַן אויך זיין פֿערשלאָסען פֿאַר די אַרבייטער; אין די אַרבייטער-פֿאַמיליען מוז שוין אַ קינד פֿון 16 יאָהר אָן און נאָך פֿריהער אָנהויבען צו פֿערדיענען, לערנען זיך אַ מלאכה, און ניט שטודירען ביז עטליכע און צוואַנציג יאָהר. אָבער דאָך אַ פֿאָלקסשולע, ווי מיר פֿאָדערן, איז שוין פֿיעל ווערטה; זי קען דעם אַרבייטער געבען אַזוי פֿיעל קענטניסען, אַז ער זאָל דערנאָך זעלבסטשטענדיג קענען לייענען ביכער פֿון יעדעם וויסענשאַפֿטסצווייג, וואָס וועט איהם פֿעראינטערעסירען.

מיר זאָגען, די קינדער מ ו ז ע ן זיך לערנען אין אַ שולע, דאָס רופֿט זיך שולצוואַנג, אָדער אָבליגאַטאָרישער שולבעזוך. אַקוראַט, ווי מען פֿרעגט ניט אָן ביי קיינעם, צו וויל ער זיין אַ סאָלדאַט צו ניט, נאָר ווי עס קומט 20 יאָהר, רופֿט מען איהם און מען בעשטראָפֿט איהם, אויב ער קומט ניט, אַזוי דאַרף דאָס זיין מיט דער שול. דער מאַגיסטראַט, די דאָרף-געמיינדע, וועלכע עס פֿיהרען די מעטריקעס פֿון די קינדער, שיקען אַריין די עלטערן אַ פֿאָדערונג, אַז דאָס קינד זאָל אָבגעגעבען ווערען אין אַ פֿאָלקסשול, ווי באַלד איהם איז געוואָרען 6 יאָהר.

מיר פֿאָדערן, אַז מיידלעך און אינגלעך זאָלען בעקומען די זעלבע בילדונג, זאָלען זיך פֿון די קינדעריאָהרען לערנען אין איינעם, זאָלען זיצען אויף איין באַנק; נור דאַן וועט זיך דער מאַן אויסלערנען צו אַכטען די פֿרוי און וועט אויפֿהערען צו זעהען אין איהר אַ ניעדריגערע בעשעפֿעניש און וועט אויפֿהערען צו לאַכען פֿון „ווייבערשען שכל".

זעהר וויכטיג איז נאָך די פֿאָדערונג, אַז די פֿאָלקסשול מוזען אַ ל ע קינדער דורכגעהן, סיי אָרעמע, סיי רייך. דאַן קען מען האָפֿען, אַז מען וועט זיך אין דער פֿאָלקסשול עטוואָס אויסלערנען. די הערשענדע קלאַסען ווייסען זעהר גוט דעם ווערטה פֿון וויסענשאַפֿט, דערפֿאַר ווילען זיי, אַז זייערע קינדער זאָלען זיך גוט לערנען, מען בויט פֿאַר זיי גימנאַזיעס און רעאַל-שולען; די פֿאָלקסשולען זיינען „שולען פֿאַר אָרעמע

לייט". די לעהרער ווייסען אָפּט אַליין זעהר ווייניג, אין איין קלאַס זיצען אָפּט 100 קינדער און איין לעהרער דאַרף זיי אַלעמען לערנען; ווילען אָבער די קינדער פון רייכע עלטערן אויך מוזען זיך לערנען אין די פאָלקסשולען, וועלען שוין די הערשענדע קלאַסען אויך זאָרגען, אַז די שוהלען זאָלען זיין גוט אָרגאַניזירט. די רייכע קינדער דאַרפען זיין אין די פאָלקסשולען—דאָס איז אונזער ערבות, אונזער גאַראַנטיע, אַז די אָרעמע קינדער וועלען זיך אויך גוט לערנען.

## VII. די קינדער דארפען ערהאלטען די לעהרמיטעל (ביכער א. ז. וו.) אומזיסט אין די פאלקסשולען; פאר קליידונג און קעסט דארף די מלוכה צאהלען, כל זמן די קינדער בעזוכען די פאלקסשולע.

אַז מיר פאָדערן, די קינדער זאָלען ערהאַלטען אין דער פאָלקס-שול אַלץ „אומזיסט", דאַרף מען דאָס ניט פערשטעהן גאָר פשוט. די מלוכה גיט גאָר נישט אומזיסט, זי קען גאָר נישט געבען, וואָרום זי האָט גאָר נישט. אַלץ וואָס זי גיט, אויף אַלע איהרע הוצאות, האָט זי פריהער ביי דער בעפעלקערונג די געלד צונויפגעקליבען דורך שטייע-רען און אַקציזען. אונזער פאָדערונג בעשטעהט גיר דערין, אַז דאָס געלד, וואָס די מלוכה קלויבט צונויף פון פאָלק, זאָל ניט בלייבען אין די קעשענעס פון אַ באַנדע פאָלקספיינד, ווי מיר זעהען דאָס איצט אין רוסלאַנד, זאָל ניט אַרויסגעוואָרפען ווערען אויף מיליטער, אויף מלחמות, נאָר זאָל אויסגעגעבען ווערען אויף נוצליכע זאַכען, און וואָס איז ניצ-ליכער איידער פאָלקס-בילדונג?

עס איז פאַר קיינעם קיין חידוש ניט, וואָס די מלוכה גיט אומזיסט קליידונג, קעסט און אַמוניציע די סאָלדאַטען, עס איז אויך גאַנץ קלאָר, אַז דאָס זעלבע דאַרף זיין מיט די קינדער אין די פאָלקסשולען. עס איז נור איין אונטערשיעד: די אַמוניציע פון די קינדער איז ניט אַזוי גע-פעהרליך: אַנשטאָט אַ ביקס האָבען זיי אַ ווירע, אַנשטאָט פולווער — טינט,—און לעהרביכער אַנשטאָט אינסטרוקציעס ווי צו שיעסען. עס דאַרף זיך איינוואָרצלען אין דער גאַנצער בעפעלקערונג דער געדאַנק, אַז פאָלקס-שולען זיינען פאַר די מלוכה אַ סך נויטיגער, ווי קאַזאַרמעס; אַז די לעהרער זיינען אָהן אַ'ן ערך ניצליכער, איידער אָפיצירען, און דאָס וואָס די קינדער לערנען זיך אין די שולען איז פיעל וויכטיגער, איידער דאָס, וואָס זיי וועלען זיך דערנאָך אויסלערנען אין קאַזאַרמע.

מיר ווילען ניט אין וועלען ניט פערוועהרען רייכע עלטערן אויס-געבען אויף קליידונג און קעסט פאַר זייערע קינדער מעהר, איידער די מלוכה צאָהלט, אָדער גאָר אָבזאָגען זיך פון די געלד, וועלכע די מלוכה גיט, דאָס טהוען דאָך רייכע סאָלדאַטען אויך, אָבער עס דאַרף בעשטימט ווערען אַ געוויסע סומע געלד, וואָס די עלטערן דאַרפען בעקומען אויף אויסצוהאַלטען דעם קינד, וואָס געהט אין פאָלקסשולע; דאַן וועלען די ברייטע פאָלקסמאַסען האָבען די מעגליכקייט צו געבען בילדונג זייערע קינדער און ניט געצוואונגען זיין אַוועקצוגעבען זיי אין די יונגע יאָהרען אין די פאַבריקען און קראָמען.

וואָס איז שייך צו די גימנאַזיעס, רעאַלשולען, אוניווערזיטעטען; אין אַנדערע העכערע שולען, דאַרפען זיי, פערשטעהט זיך, אַזוי

איינגעאָרדנעט זיין פֿון דער מלוכה, אַז דער דוחק אין געלד-מיטלען זאָל קיינעם ניט שטערען צו בעקומען העכערע בילדונג. וויפֿיעל גיטע קעפּ, וויפֿיעל טאַלאַנטען ווערען פֿערפֿאַלען ביי דער איצטיגער אָרדנונג! וויפֿיעל מאַליאַרעס ווערט איהר געפֿינען, וואָס זיי האָבען געדאַרפֿט בעסער זיין אַרכיטעקטאָרען, און וויפֿיעל אַרכיטעקטאָרען, וואָס האָבען, פֿערקעהרט, געדאַרפֿט זיין איינפֿאַכע מאַליאַרעס. און אַזוי איז דאָס אין יעדען צווייג פֿון דער מענשליכער טהעטיגקייט. איהר זעהט אַ'ן אָרימען כלי-זמר אויף אַ חתונה, זיין פיעדעל וויינט און קלאָגט, און יעדער פֿיהלט, אַז אַ טאַלענטפֿאָלער קינסטלער איז דאָ בעגראָבען געוואָרען אין מיסט, אין דער צייט ווען אַ רייכער מענש לערנט זיך אין קאָנסער-וואַטאָריע, כאָטש ער איז מסוגל העכסטענס צו פויקען אויף אַ באַראַבאַן. וואָס מיר פֿאָדערן איז נאָך זעהר ווייט פֿון סאָציאַליזם; ערשט דאַן, ווען דער סאָציאַליזם וועט פֿערווירקליכט ווערען, וועט יעדער קענען ענטוויקלען אַלע זיינע פֿעהיגקייטען, דאַן וועט קיין טאַלאַנט ביי דער מענשהייט ניט פֿערפֿאַלען ווערען; וואָס מיר ווינשען אין אונזער פּראָגראַם-מינימום — איז נאָר אַ קליין שטיקעלע סאָציאַלען יושר.

## VIII. די וועלטליכקייט פון דער פאלקסשולע (די רע-ליגיאָן און קירכע דארפען ניט האבען קיין איינפלוס אויף די פאלקסשולע).

מיר ווילען פֿאָלקסאויפֿקלערונג און ניט פֿאָלקספֿערפֿינסטערונג; מיר ווילען, אַז אונזערע קינדער זאָלען אויסוואַקסען מיט אַ פֿרייען בליק אויף די נאַטור און די מענשהייט, זיי זאָלען ניט גלויבען אַלץ, וואָס מען דערצעהלט זיי, נאָר ביי זיי זאָל זיין ענטוויקעלט דער גייסט פֿון קריטיק. אָבער דאָ קומט די קירכע און שפרייט אויס איהרע שוואַרצע פֿליגלען איבער דער פֿאָלקסשולע און ברייגגט אַריין אַ פֿינסטערניש אין די מוחות און אין די הערצער פֿון די קליינע קינדער. רעליגיאָן איז פּריוואַטזאַכע, האָבען מיר אויבען געזאָגט. ווילען עלטערן, אַז זייערע קינדער זאָלען לערנען רעליגיאָן, מוזען זיי דאָס מאַכען פֿאַר זיך: דינגען אַ גלח, אַ רב פֿאַר זייערע קינדער. די הערשענדע קלאַסען בענוגענען זיך נאָך ניט דערמיט, וואָס די פֿאָלקסשולען זיינען שלעכט אָרגאַניזירט, וואָס די לעהרער דאָרטען זיינען ניט גענוג געבילדעט, וואָס דער קורס געדויערט נור 3-4, העכסטענס 5 יאָהר, זיי זעהען נאָך, אַז אַ גרויסער טייל פֿון דער צייט זאָל אַוועקגעהן אויף רעליגיעזע למודים. און אָט וואָס עס איז העכסט מערקווירדיג: אין גימנאַזיע לערנט מען אויך די קינדער רעליגיאָן, אָבער מען גיט אָב דערויף אַ סך וועניגער צייט, איידער אין דער פֿאָלקסשולע. פֿאַר וואָס איז דאָס? ווערען דען די קינדער ביי רייכע עלטערן געבאָרען מיט רעליגיעזע געפֿיהלען, און דעם אָרע-מען קינד דאַרף מען דאָס איינשאַרפֿען אין כוח?! די מעשה איז אָבער אַזוי: די רייכע קינדער האָבען נייטיגערע זאַכען צו לערנען און די אָרעמע איז מען ניט אויסען צו געבען בילדונג, מען וויל נאָר מאַכען פֿון זיי גאָטספֿאָרכטיגע מענשען, מען וויל, אַז זיי זאָלען פֿון קינדווייז אויף מעהר האָפֿען אויף עולם הבא, אידער אויף עולם-הזה, זיי זאָלען געדולדיג אַריבערטראָגען אַלע צרות אין זייער לעבען.

אינזער פֿאָדערונג איז שוין ערפֿילט אין איינציגע לענדער, ווי פֿראַנק-רייך, די פֿעראייניגטע שטאַאטען פֿון אַמעריקאַ. אין מיר זעהען גאָר ניט איין, פֿאַר וואָס זאָל דאָס ביי אונז אויך ניט איינגעפֿיהרט ווערען. אַחוץ דעם, וואָס אין די רוסישע פֿאָלקס-שולען לערנט מען פֿיעל רעליגיאָן,

האָט נאָך די רעגירונג אַיינגעפֿיהרט „צערקאָווגע-פּריכאָדסקע" שולען, וואו די קינדער לערנען כמעט מעהר גאָר נישט ווי רעליגיאָן און קירכ-ליכען געזאַנג און נאָך אַזעלכע נוטיגע זאַכען. און אונזערע אידישע קולטורטרעגער, ווי עס שיינט, האָבען אויך אַ הייסע ליעבע צו „תלמוד תורות" פֿאַר אָרעמע קינדער. „די רעליגיאָן מוז בלייבען פֿאַר'ן פּראָסטען פֿאָלק"—דאָס געדיינקען די הערשענדע קלאַסען זעהר גוט.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז דערמיט אַליין נעהמען זיך ניט אויס אונזערע פֿאָדערונגען וועגען פֿאָלקס-בילדונג. ביבליאָטעקען, שבת-שולען און זונטאָג-שולען פֿאַר ערוואַקסענע אַרבייטער, די פּראָגראַמען, וואָס און ווי זאָל מען לערנען אין די פֿאָלקס-שולען,—דאָס זיינען אַלץ וויכ-טיגע פֿראַגען, אָבער ניט דאָ איז דער אָרט צו רעדען וועגען זיי. אויך די אָרגאַניזאַציע פֿון די גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטען איז וויכטיג פֿאַר אונז. די קינדער פֿון די ברייטע פֿאָלקס-מאַסען וועלען זיך דאָרט אַפילו ניט לערנען מאַסענוויוז, אָבער זיי קאָסטען פֿיעל געלד דער מלוכה; און מיר ווילען, אַז דאָס געלד זאָל מיט נוצען אַוועקגעהען. מיר ווילען האָבען גוטע דאָקטוירים, אינזשענערען, אַגראָנאָמען, אַדוואָקאַטען, מיר ווילען, אַז די וויסענשאַפֿט זאָל זיך גוט און פֿריי ענטוויקלען אין די אוניווערזיטעטען און אַקאַדעמיעס, וואָרום מיר וויסען, אַז מיר זיינען די יורשים פֿון דער איצטיגער געזעלשאַפֿט, און וואָס גרעסער עס וועט זיין די ירושה, אַלץ בעסער פֿאַר אונז. *)

## IX. אויף די באהנען, דאמפפס-שיפען, אין די טעאטרען דארף ניט זיין קיין איינטיילונג אין קלאסען.

דאָס איז אַ עכט דעמאָקראַטיש-קולטורעלע פֿאָדערונג. נאָר אין ווערקשטאַט, אין פֿאַבריק, אין קראָם זיינען דאָ בעלי-בתים און געדונ-גענע מענשען. איז די אַרבייט געענדיגט, ציעהט פֿון זיך דער אַרבייטער אַראָב זיינע שמוציגע קליידער—זיינען אַלע גלייך. וועניגסטענס די מלוכה דאַרף דעם רייכען די מעגליכקייט ניט געבען, קויפֿען זיך פֿאַר זיינע געלד אַ בעסערען פּלאַץ. איהר האָט מסתמא געזעהען אין זעלבסט אויך גע-פֿיהלט, ווי שלעכט עס איז צו פֿאָהרען אין 3-טען קלאַס, מען מוז אָפֿט צונויפֿגעפרעסט זיין ווי די הערינג, און אין דעם זעלבען צוג געהען ליידיגע וואַגאָנען פון 2-טען און 1-טען קלאַס, טאָמער וועט זיך ווערלען אריינזעצען אַ רייכער. אַלע וואַגאָנען פֿאַר פּאַסאַזשירען דאַרפֿען זיין גלייך אַייגגעאָרדנעט, און דער פּרייז דאַרף זיין גלייך פֿאַר אַלעמען. די מלוכה וועט דערפון נאָך פֿערדינען, וואָרום צו פֿאַסאַזשירען פֿון 1-טען און פֿון 2-טען קלאַס לעגט זי צו, ווייל זי מוז צוליעב איניגע פּאסאַזשירען אויסהאַלטען אַ מאַסע וואַגאָנען; אין דייטשלאַנד האָט מען אויסגערעכענט, אַז די מלוכה פֿערדיענט נור פֿון דעם 4-טען קלאַס, צו די איבעריגע קלאַסען לעגט זי צו. אין די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון אַמעריקאַ איז קיין קלאַסען אויף די אייזענבאַהנען ניטאָ.

---

הונגער און נויט! שרעקליכע ווערטער! וואָס פֿאַר אַ ברענענדיגע פֿיינדשאַפֿט צו דער איצטיגער געזעלשאַפֿטס-אָרדנונג צינדעט זיך אָן — מוז זיך אָנצינדען — אין דער ברוסט פֿון יעדען מענשען, אויב זיין מוח

---

*) וועגען דעם, אַז אין דער פֿאָלקס-שולע דאַרף אַלץ געלערנט ווערען אין דער מוטערשפּראַך, וועלען מיר ריידען אין די וויטערע קאַפּיטלען.

איז נאָך ניט פֿערגרעבט און זיין הארץ נאָך ניט פֿערשטיינערט געוואָרען! ניט איינציגע אָדער צעהנדליגע, נור מיליאָנען — איהר הערט: מיליאָנען! — מענשען הונגערען וואָכען, חדשים, יאָהרען נאָכאַנאַנד, קריינקען און שטאַרבען פֿון הונגער, קענען ניט קיין אַנדער'ן גליק, אַלס איינמאָל גע-נוג אָבעסען, האָבען ניט קיין אַנדער'ן אידעאַל, אַלס אימער זאַט זיין! און דאָס אַלץ אין דעם 19-טען און 20 טען יאָהרהונדערט, בעת דער טעכנישער פּראָגרעס האָט זיך אַזוי מעכטיג און וואונדערהאַפֿט ענטווי-קעלט און די לאַנדאַרבייט אויף דער וויסענשאַפֿטליכע גרונדלאַגע ברייננט אונז אַ אונגעהייערע שפע פֿון תבואה אין פּראָדוקטען, עס הונגערען בפועל ממש צעהנדליגע מיליאָנען בויערן אין די דערפֿער, עס געהען אויס פֿון הונגער מיליאָנען אידען אין דער טשערטא. אין מערב-איראָפּאַ זוי-נען אויך דאָ אַרבייטסלאָזע, עס קומען פֿאָר פֿון צייט צו צייט קריזיסען און די אַרבייטער-מאַסען בלייבען אָהן אַרבייט, זיי ווייסען אויך זעהר גוט דעם טעם פֿון נויט און דחקות, דאָך קען מען ניט פֿערגלייכען די עקאָנאָמישע לאַגע פֿין די ברייטע פֿאָלקס-מאַסען אין רוסלאַנד און אין די קאָנסטיטוציאָנעלעלענדער. מיר האָבען נור איין רפֿואה, וועלכע וועט ראַדיקאַל אויסהיילען די הונגערנדע און קראַנקע מענשהייט — דאָס איז דער סאָציאַליזם. נור די בעפֿעלקערונג אין רוסלאַנד שוועבט אין דער סכנה אויסצושטאַרבען פֿין הונגער און קריינק, ביז די גאָלדענע צייט וועט קומען, קעמפּפֿענדיג פֿאַר דעם סאָציאַליזם, מוזען מיר תיכף איינ-פֿיהרען רעפֿאָרמען אין סאָציאַל-עקאָנאָמישען לעבען פֿון רוסלאַנד, אויפֿ-הויבען רוסלאַנד דערוויילע ביז דער מדרגה, אויף וועלכער עס געפֿינען זיך די איבעריגע ציוויליזירטע פֿעלקער.

דאָס וועט קענען דערגרייכען נאָר דאָס בעפֿרייטע פֿאָלק מיט דער הילף פֿון אַ פֿרייער דעמאָקראַטישער, רעגירונג; פֿון דער איצטיגער רעגירונג קענען מיר אין דעם פּרט גאָר נישט ערוואַרטען, פֿערקעהרט פֿון דער זעלבסט-הערשאַפֿט שטאַמט דער גאַנצער אונגליק, אין מיט יעדען טאָג, וואָס די איצטיגע רעגירונג פֿיהרט די בעל-הבית'שקייט אין לאַנד, ווערט אַלץ גרעסער די געפֿאַהר, דאַרפֿען מיר דען דערציילען, ווי די געקרוינטע און ניט געקרוינטע גנבים פֿילען זיך אָן די קעשענעס מיט די גאָלד, וואָס מען פּרעסט אַרויס פֿון פֿאָלק, ווי די מלוכה-באַנק (גאָסודאַרסטוועני באַנק) איז אָפֿען פֿאַר אַ הייפֿעלע קאַפּיטאַליסטען, ווי די מלוכה האָט אונטערגעשטיצט מיט מיליאָנען די חברה באַנדיטען, וואַלד-סוחרים אויף דער טייך יאַלו, — גזלות, וועלכע האָבען סוף כל סוף געבראַכט צו דעם פֿורכטבאַרען קריעג מיט יאַפּאַן. דאַרפֿען מיר דערצעהלען, וואָס פֿאַר אַ מעשים עס ווערען ביי אונז אָבגעטהאָן ביי דעם בויען פֿון איי-זענבאַהנען, ווי די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע באָדען זיך אין גאָלד, ווי דער דוואָריאַנסקי-באַנק צושיינקט מיליאָנען רובל דעם אַדעל. דאָס איז אַלעמען געגוג בעקאַנט.

די בעזיצענדע קלאַסען האָבען נאָר איין הייליגקייט: דאָס קאַפּיטאַל. רעליגיאָן, מיליטער און פּאָליציי זיינען אפילו זעהר טייער און הייליג אין זייערע אויגען, אָבער דאָך איז דאָס נאָר ציערונג צום עגל הזהב, צום קאַפּיטאַל. דערפֿאַר וועט איהר זעהן, אַז בורזשואזע ליבעראַלען און דעמאָקראַטען לאָזען זיך נאָך רידען וועגען פּאָליטישע און קולטורעלע רעפֿאָרמען, אָבער מאַכען גלייך אַ געשריי, ווי מען ריהרט זיך נאָר צו צו זייער קעשענע. דער קאַמפּף מיט דיזע פּאַרטייען פֿאַר סאָציאַל-עקאָ-נאָמישע רעפֿאָרמען וועט זיין פֿיעל ביטערער און שווערער. מיר זעהען דאָס אין פֿראַנקרייך, וואו ס'איז איצטער אָנגענומען געוואָרען דער גע-זעץ וועגען אָבטיילען די קירכע פֿון דער מלוכה און וואו די רעפֿאָרמען אין דער שטייער-סיסטעם ווערט אָבגעלייגט פֿון יאָהר צו יאָהר. אויך

דאָ קענען מיר נ.ט אַרומנעהמען אַלע זייטען פֿון עקאָנאָמישען לעבען; אַזעלכע וויכטיגע זאַכען, ווי, למשל, האַנדעלס-פּאָליטיק, אייזענבאַהן-ווירטשאַפֿט, קרעדיט א. ז. וו. קענען מיר דאָ ניט בעטראַכטען; מיר קע-נען אָנווייזען נאָר די הויפּטריכטונג אין דעם גאַנג פֿון די רעפֿאָרמען.

## X. דאס אבשאפען פון אונדירעקטע שטייערן און איינפיהרען אנשטאט דעם א דירעקטע, פראגרעסיוו-וואכסענדע שטייער אויף הכנסה, פערמעגען און ירושה.

די מלוכה האַלטען מיר אויס, „זאָגען די בעזיצענדע קלאסען—און דערפֿאַר דאַרפֿען מיר האָבען די דעה אין די מדינה ענינים״! וואָס אַ וואָרט, דאָס אַ ליגען! עס איז אַ ליגען, אַז די מלוכה בעקומט איהר הכנסה פֿון די בעזיצענדע קלאַסען, און אויב עס וואָלט געווען אַזוי, קומט נאָך דערפֿון ניט אַרויס, אַז די בעזיצענדע קלאַסען דאַרפֿען האָבען אַ גרעסערע דעה אין דער מדינה-פֿיהרונג, איידער די איבריגע בעפֿעל-קערונג. דאָס הענגט אָב דערפֿון, ווי מען זאָל פֿערשטעהן די ציעלען, וועלכע די מלוכה דאַרף זיך שטעלען; האָט די מלוכה דעם ציעל, אַז אַלע איינוואָהנער פֿון דער מדינה זאָלען ענטוויקלען זייערע מאַטעריעלע און גייסטיגע קרעפֿטען, אַז די קולטור זאָל אין לאַנד געהויבען ווערען, וויסענשאַפֿט און קונסט זאָלען בליהען, דאַן זיינען אין דעם אַלע גלייך פֿעראינטערעסירט, די בעזיצלאָזע נאָך אפשר מעהר ווי די בעזיצענדע. איז אָבער די מלוכה דאָ צוליעב דעם, אַז אַ הייפֿעלע קאַפּיטאַליסטען און אַריסטאָקראַטען זאָלען רייכער ווערען פֿון טאָג צו טאָג, זאָלען זויגען צוזאַמען מיט איהר די בלוט ביי דער איבעריגער בעפֿעלקערונג, דאַן דאַרף מען דעם רידער פֿון דער מדינה אַוועקגעבען אין די הענד פֿון די בעזיצענדע קלאַסען און צו וואָס דאָס ברייננגט—ווייסען מיר. דאָס פֿיהרט צו דעם, אַז אין רוסלאַנד שטאַרבען אויס אַ העלפֿט פֿון אַלע געבאָ-רענע קינדער אין דעם ערשטען לעבענס-יאָהר; דאָס האָט געבראַכט צו דעם רוסיש-יאַפּאַנישען קריעג, דאָס האָט געפֿיהרט צו דעם קריעג פֿון ענגלאַנד מיט די בורען, ביי וועלכע איינגיגע ענגלישע קאָמפּאַניעס האָ-בען געוואָלט אָבנעהמען דימאַנטען-גרובען, דאָס פֿיהרט צו דעם קריעג פֿון דייטשלאַנד מיט די נעגערן אין אַפֿריקאַ און... אָבער ווער קען דאָס אויסרעכענען דעם גאַנצען צעטעל מיט די שאַנדטהאַטען און פֿער-ברעכען פֿון דער געבילדעטער, „ציוויליזירטער״ בורזשואַזיע?!

מיין ניט די וועלט איז אַ בערוז-בעשאַפֿען
דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מיעדע און שוואַכע,
זאָל קויפֿען ביי אָרימע מיידלעך די בושה,
ביי פֿרויען די מילך פֿון די בריסטען, ביי מענער
דען מאַרך פֿון די ביינער, ביי קינדער דען שמייכעל,
דעם זעלטענעם גאַסט אויף׳ן וואַקסענעם פנים...
אָה, מיין ניט די וועלט איז אַ בערוז!

די וועלט איז ניט קיין בערוז, וועניגסטענס מיר סאָציאַלדעמאָ-קראַטען זאָגען דאָס. די מדינה דאַרף געפֿיהרט ווערען פֿון אַלעמען גלייך, די מלוכה האָט נאָר איין ציעל: פֿערבעסערען און פֿערגרינגערען דעם לעבען פֿון דער בעפֿעלקערונג אין דערפֿאַר פֿאָדערען מיר טאַקי, אַז די מלוכה זאָל איהר הכנסה ציהען פֿון די רייכע בירגער, און וואָס

רייכער — אַלײן מעהר, און ניט ווי איצטער, אַז די אָרעמע בעפֿעלקערונג טראָגט אַריין כמעט די גאַנצע הכנסה דורך אונדירעקטע־שטייערן.

אונטער דירעקטע שטייערן פֿערשטעהט מען אַזעלכע, ווען יעדער בירגער צאָהלט דער מלוכה אַלע יאָהר אַ געוויסע סומע געלד. אונדירעקטע שטייערן זיינען אַזעלכע, ווען די מלוכה בעקומט ניט דאָס געלד פֿון יעדען בירגער בעזונדער, נאָר ערהאַלט דאָס, אַלס אַקציז פֿון דעם פֿאַבריקאַנט, אַלס פּאָשלינע פֿון דעם הענדלער, וואָס בריינגט סחורה פֿון אויסלאַנד, אַלס גילדיע, פּראָמיסאָווע סווידעלסטוועס, וואָס יעדער מוז אָנהויב יאָהר קויפֿען, אויב ער וויל האָבען דאָס רעכט צו האַנדלען. די געלד, וואָס די מלוכה בעקומט דורך אַקציזען, פּאָשלינעס א. ד. ג., ווערט גענומען סוף כל סוף פֿון די ברייטע מאַסען, וואָרום דער פֿאַבריקאַנט גיט ניט אייגענע; וואָלט ניט געווען קיין אַקציז אויף צוקער, קעראָסין, שוועבעלעך, טאַבאַק, בראַנפֿען, וויין, ביער, טהע וואָלטען אַלע דיזע פּראָדוקטען געווען פֿיעל ביליגער. דער פֿאַבריקאַנט נעהמט ביים פֿערקויפֿען אָב אי דאָס, וואָס די סחורה קאָסט איהם, אי דאָס, וואָס ער האָט אויסגעגעבען אַקציז. וואָלט מען געקענט אַריינפֿיהרען פֿון אויסלאַנד אָהן פּאָשלינע: אייזען-סחורות, מאַשינען, פֿאַרבען, וואָל אין זייד, קאַווע אין וויין אין נאָך זאַכען, וואָלט דאָס אַלץ געווען ביליגער. דער סוחר מאָהנט אויך ביי די קויפֿער די געלד, וואָס ער האָט אָבגעצאָהלט פֿאַר דער גילדיע, פּאַטענטען און ז. וו. ווי איהר זעהט, לעגען זיך די אונדירעקטע שטייערן אויף פּראָדוקטען, אָהן וועלכע מען קען גאָר ניט לעבען; די פּראָדוקטען ווערען דורך דעם פֿיעל טייערער, די בעפֿעלקערונג קען ניט בעפֿרידיגען איהרע בעדערפֿניסען אין נאַהרונג, קליידונג, אייזענוואַרק (אַקעראייזען, העק, טשוועקעס אין ז. וו.), אין די מלוכה בעקומט איהר הכנסה פֿון די ברייטע פֿאָלקסמאַסען: קויפֿט איינער אַ פֿונט צוקער, אַ גלעזעל בראַנפֿען, שוועבעלעך, צאָהלט ער גלייך אָב אונדירעקטע שטייערן. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס יעדער איינצעלנער גביר פֿערברויכט מעהר פּראָדוקטען, איידער אַן אָרעמאַן, קומט דאָך אויס, אַזוי ווי גבירים זיינען דאָ נאָר אַ קליינער הייפעל, אַז אַלע אונדירעקטע שטייערן פֿאַלען אויף די ברייטע פֿאָלקסמאַסען. אַ חוץ וואָס די ברייטע פֿאָלקסמאַסען טראָגען אויך דעם יאָך פֿון די אונדירעקטע שטייערן, ליידען זיי נאָך דערפֿון, וואָס ווי נאָר מען לעגט אַרויף אַן אַקציז אויף אַ וועלכען ניט איז פּראָדוקט, ווערט דאָס רוב דיזער פּראָדוקט אויף אַ סך מעהר טייערער, איידער דער אַקציז בעטרעפֿט. למשל, ווען מען לעגט אַרויף אַ 1/4 קאָפּיקע אויף אַ קעסטעל שוועבעלעך, ווערט זי אין די קליינע קרעמלעך, וואו די אַרבייטער קויפֿען געוועהנליך, טייערער אויף אַ קאָפּיקע אָדער נאָך מעהר. דאָס זעלבע איז אויך מיט די אָבצאָהלונגען אויף אויסלענדישע סחורות. זיי בריינגען נאָך דעם שאָ־ען, וואָס די סחורות פֿון דעם זעלבען מין, וואָס ווערען בעשאַפֿען אין רוסלאַנד גופא, ווערען אויך פֿערקויפֿט זעהר טייער, וואָרום דער פֿאַבריקאַנט האָט ניט מורא פֿאַר אויסלענדישע קאָנקורענץ (עגב וועלען מיר בעמערקען, אַז די פּאָשלינע, וואָס ווערט אָבגענומען אויף דעם גרענעץ, בעטרעפֿט אָפֿט פֿיעל מעהר, איידער די סחורה קאָסט).

אַז די גאַנצע פֿינאַנס-סיסטעם פֿון רוסלאַנד איז געבויט אויף אונדירעקטע שטייערן, זעהט מען דערפֿון, אַז אין 1904-טען יאָהר האָבען זיי אַריינגעטראָגען דער רעגירונג אַ הכנסה פֿון 1000 מיליאָן רובל, אין דאָס אַליין איז. ווי מיר האָבען געזעהן, אַרויסגעצויגען געוואָרען פֿון די אָרעמע פֿאָלקסמאַסען.

מיר פֿאָדערן דערפֿאַר, אַז די אונדירעקטע שטייערן זאָלען אָבגע-

שאַפֿט ווערען. דער מלוכה דאַרף יעדערער צאָהלען אַ געוויסען חלק, אַ געוויסען פּראָצענט פֿון זיין הכנסה; דיזע דירעקטע שטייער אויף הכנסה פֿון די בירגער דאַרף זיין די איינציגע קוועלע, פֿון וועלכער די מלוכה זאָל בעקומען אויף איהרע הוצאות, דאַן וועלען די הערשענדע קלאַסען מעהר סאַנציוען די געלד פֿון דער מלוכה; זיי וועלען ניט אַרויסוואַרפֿען הונדערטער מיליאָנען אויף מיליטער און פֿלאָט, אויף אייזענבאַהנען, צו וועלכע מען מוז צולייגען אין ז. וו. איצטער האָבען זיי ניט וואָס אָנצוואווערען, ניט זיי גיבען דאָס געלד.

מענשען, וואָס פֿערדיענען ווייניגער, איידער אַ געוויסען מינימום (למשל 400-500 רובל אַ יאָהר), מוזען גאָר בעפֿרייט ווערען פֿון הכנסה-שטייער. די הכנסה-שטייער גופא דאַרף זיין אַ פּראָגרעסיוו-שטייגענדע, דאָס הייסט, וואָס גרעסער די הכנסה איז, אַלץ א גרעסערען פּראָצענט שטייער דאַרף מען צאָהלען. למשל, די, וואָס פֿערדיענען 1000 רובל אַ יאָהר, וועלען דאַרפֿען געבען 2 פּראָצענט, דאָס הייסט 2 רובל פֿון הונדערט, וועט דאָס אויסקומען 20 רובל אַ יאָהר. די, וואָס פֿערדיענען אָבער 5000 רובל אַ יאָהר, וועלען שוין מוזען געבען ניט 2 פּראָצענט, וואָס וואָלט געמאַכט 100 רובל א יאָהר, נאָר 4 אָדער 5 פּראָצענט, ד. ה. 400 500 רובל; די, וואָס פֿערדיענען 10,000 רובל, וועלען שוין געבען 7-8 פּראָצענט און ז. וו. דעם יושר דערפֿון פֿערשטעהט יעדער. מען קען ניט איינפֿיהרען אַ גלייכען פּראָצענט פֿאַר אַלעמען; וואָלט דער פּראָצענט געווען צו הויך, למשל 10 אָדער 25, וואָלט אַ מענש מיט 1000 רובל הכנסה געדאַרפֿט צאָהלען 100 רובל, אָדער זאָגאַר 250 רובל אַ יאָהר, דאָס איז אָבער צו פֿיעל פֿאַר איהם; זאָל מען אַריינפֿיהרען אַ קליינעם פּראָצענט, וועלען די רייכע צו ווייניג צאָהלען. אַ מענש פֿערדיענט 10,000 רובל אַ יאָהר. זאָל מען ביי איהם נעהמען 2 פּראָצענט, וועט דאָס מאַכען 200 רובל, דאָס איז צו ווייניג אין פֿערגלייך צו אַזאַ גרויסער הכנסה; מען קען ביי איהם נעהמען 8 פּראָצענט, ד. ה. 800 רובל, וועט איהם נאָך אויך בלייבען 9200 רובל אַ יאָהר; און פֿערדיענט ער 50,000 רובל, קען מען שוין ביי איהם נעהמען 20 פּראָצענט, ד. ה. 10,000 רובל, וועט נאָך איהם אַלץ בלייבען 40,000 טויזענד. ווי זאָל מען בעשטימען ריכטיג די הכנסה אויף יערען בירגער, איז ניט דאָ דער אָרט צו ערקלערען.

אין רוסלאַנד האָבען מיר אויך אַ מין דירעקטע שטייער. אין דעם יאָהר 1905 דאַרף זי אַריינטראָגען דער מלוכה, ווי דער פֿינאַנץ-מיניסטער האָט אויסגערעכענט, 139 מיליאָן רובל (און אומדירעקטע איבער 1000 מיליאָן). אָבער דיזע „דירעקטע" שטייער האָט אויך אַזאַ פּנים, ווי אַלץ, וואָס די זעלבסטהערשונג פֿיהרט איין: וואָס אָרעמער, אַלץ מעהר געצאָהלט. למשל, די וואָס האָבען ערד, בויערן און גוטסבעזיצער, צאָהלען פֿאַר יעדע דעסיאַטין ערד; ניט לאַנג האָט דאָס פֿינאַנץ-מיניסטעריום אַרויסגעגעבען סטאַטיסטישע ציפֿערן וועגען דעם, וואָס זי האָט געזאַמעלט אין 50 גובערניעס. עס ווילט זיך גאָר ניט גלויבען, אַז לס איז מעגליך, וואָס מיר געפֿינען דאָרטען; דאָס מיניסטעריום אַליין איז זיך מודה, אַז „אויף די בויערן ליעגט אַ צו גרויסע משא", הערט און וואונדערט זיך: דער דורכשניט פֿון אַלע 50 גובערניעס איז אַזאַ: די בויערן צאָהלען 36 פּראָצענט, ד. ה., מעהר איידער אַ דריטעל פֿון זייער הכנסה, און די גוטסבעזיצער צאָהלען 5 פּראָצענט, ד. ה., 7 מאָל ווייניגער איידער די אָרעמע בויערן! ווער וועט זיך וואונדערן, אַז די בויערן שטאַרבען פֿון הונגער; אַ דריטעל צאָהלען זיי אָב דירעקטע שטייערן, אַ חוץ דעם צאָהלען זיי נאָך אומדירעקטע שטייערן, קויפֿענדיג קעראָסין, צוקער, שוועבעלעך, אייזען א. א.

ז. וו. הײנט װאָס בלײבט זײ צום לעבען? זאָלען מיר נעהמען אײנציגע גובערניעס—איז דאָס נאָך ערגער; למשל אין דער װאָלאָגדער גובערניע צאָהלען די בױערן 98 (!!) פּראָצענט, ד. ה. פֿון יעדען רובל, װאָס די ערד טראָגט זײ אַרײן, בלײבט בײ זײ אין די הענד 2 קאָפּיקעס, אין פּערמער גובערניע איבער 93 פּראָצענט אין יאַראָסלאַװער איבער 81 פּראָצענט. עס איז אױך כדאי צו ברײנגען אײניגע ציפֿער װעגען דעם, װיפֿיעל מען צאָהלט פֿון יעדער דעסיאַטינע ערד; אין צענטראַל רוס-לאַנד צאָהלען די בױערן דורכשניטליך 1 רובל מיט 4 קאָפּיקעס פֿון דעסיאַטינע, און די פּאָמיעשטשיקעס... 1 קאָפּיקע פֿון דעסיאַטינע; אין די צפון-גובערניעס (װאָלאָגדאַ, אַרכאַנגעלסק און אַנדערע): די בױערן 48 קאָפּיקעס פֿון דעסיאַטינע, די פּאָמיעשטשיקעס עטװאָס מעהר אײדער אַ האַלבע קאָפּיקע. אין דער ליטא: די בױערן 77 קאָפּ., די פּאָמיעשטשיקעס 2 קאָפּ. און מען דאַרף נאָך ניט פֿערגעסען, אַז דער פּאָמיעשטשיק בעקומט פֿון זײן ערד פֿיעל מעהר הכנסה, אײדער דער בױער, װאָרום ער האָט די מעגליכקײט בעסער צו בעאַרבײטען איהר.

מיר זאָגען נאָך אַ מאָל: מיר פֿאָדערען הכנסה-שטײער, און פּראָ-גרעסיװע הכנסה-שטײער, אַז די רײכע זאָלען געבען יפֿי ערך מעהר אײדער די מיטעלע, און די, װאָס פֿערדיענען װעניגער, אַלס אַ געװיסען מיגימום, זאָלען גאָר בעפֿרײט װערען פֿון צו צאָהלען. מען זאָל צאָה-לען ניט פֿאַר די ערד, אָדער פֿאַר דעם געשעפֿט, נאָר פֿאַר די הכנסה. פֿון װאַנען מען בעקומט פּרנסה, דאַרף דער מלוכה גלײכגילטיג זײן.

מיר פֿאָדערען נאָך אַ שטײער אױף פֿערמעגען. שטעלט זיך פֿאָר — אַ דאָקטאָר, אָדער אַ׳ן אַדװאָקאַט פֿערדיענט 2000 רובל אַ יאָהר, און אַ פֿאַבריקאַנט אָדער אַ סוחר, װעלכע בעזיצען 20,000 רובל, פֿערדיענען אױך 2000 רובל אַ יאָהר, אי דער דאָקטאָר אי דער פֿאַב-ריקאַנט צאָהלען צו 40 רובל אַ יאָהר הכנסה-שטײער. דער יושר פֿאָ-דערט אָבער, אַז דער פֿאַבריקאַנט זאָל מעהר צאָהלען, װאָרום ער האָט אײגענס 20 טױזענד רובל, און דער דאָקטאָר האָט קײן אײגענס ניט (אויב דער דאָקטאָר האָט נאָך געלד און באַנק און בעקומט נאָך פּראָצענט פֿאַר די געלד, פֿערשטעהט זיך, אַז ער צאָהלט הכנסה-שטײ-ער פֿאַר דאָס אױך); דערפֿאַר דאַרף מען נאָך אײנפֿיהרען אַ פּראָגרע-סיװען שטײער אױף פֿערמעגען; למשל, ביז 10 טױזענד רובל — 50 קאָפּיקעס פֿאַר יעדע טױזענד רובל פֿערמעגען, ביז 50 טױזענד — 1 רובל פֿאַר יעדע טױזענד, ביז 100 טױזענד — $1^1/_2$ רובל פֿאַר יעדע טױזענד און ז. װ. אונזער פֿאַבריקאַנט, װאָס האָט 20 טױזענד רובל פֿערמעגען און פֿערדיענט 2 טױזענד רובל אַ יאָהר, װעט צאָהלען, למשל, 40 רובל הכנסה-שטײער, 20 רובל פֿערמעגען-שטײער, צוזאַמען 60 רובל אַ יאָהר. — פּראָגרעסיװע פֿערמעגען-שטײער פֿאָדע-רען מיר נאָך צוליעב נאָך אַ טעם: שטעלט זיך פֿאָר, אַ פּריץ האָט הונדערט דעסיאַטין װאַלד, װאָס איז װערטה הונדערט טױזענד רובל; דער װאַלד שטעהט און װאַקסט, װערט אַלץ טײערער, אָבער קײן הכנסה ברײנגט ער דערװײל דעם פּריץ ניט, ביז ער װעט איהם ניט פֿערקױפֿען. ניט שײן זשע זאָל דער נעבעכדיגער פּריץ גאָר גישט צאָהלען פֿאַר דעם װאַלד? מען טאָר ניט דערלאָזען, אַז אַ מענש, װאָס האָט אַזאַ גרױסע עשירות, זאָל קײן שום שטײער ניט צאָהלען.

און צולעצט דאַרפֿען מיר ערקלערען אונזער פֿאָדערונג: פּראָגרע-סיװ-שטײגענדע שטײער אױף ירושה. אײנער ירש׳נט אַ פֿערמעגען, װערט מיט אַ מאָל רײך, אָדער רײכער, אײדער ער איז פֿריהער געװען, דאַרף די מלוכה אױך בעקומען אַ חלק פֿון דער ירושה. װאָס גרעסער

די ירושה, אַלץ גרעסער דאַרף זיין דער פּראָצענט, ווי מיר האָבען דאָס בעוויזען בנוגע צו הכנסה- און פערמעגען-שטייער; דער פּראָצענט דאַרף נאָך אָבהענגען פון די קרוב'שאַפט צווישען דעם געשטאָרבענעם און די יורשים: וואָס ווייטער דער קרוב, אַלץ אַ גרעסערען חלק דאַרף ערהאַלטען די מלוכה; אין ענגלאַנד האָט ערהאַלטען די מלוכה אין יאָהר 1896 125 מיליאָן רובל, אַלס שטייערן אויף ירושה.

און וואָס ווילען מיר פאָדערען פון דער קאָנסטיטואירענדער פערזאַמלונג אין דעם פּרט? אַז מען דאַרף פערגרינגערען דעם יאָך פון די שטייערען, וואָס ליגט אויף'ן פאָלק, זאָגען אַלע; אַז די מלוכה מוז מאַכען באַנקראָט, אויב די פינאַנץ-סיסטעם וועט ניט רעפאָרמירט ווערען, דאָס פערשטעהען איך אַלע, אַ חוץ די באַנדע גזלנים, וועלכע רופט זיך אָן „די רוסישע רעגירונג". אינדירעקטע שטייערען זיינען אָבער אין גאַנצען נאָך ניט אָבגעשאַפט געוואָרען אפילו אין מערב אייראָפּאַ; אין דייטשלאַנד ציהט די מלוכה 3 חלקים פון איהר הכנסה פון אונדירעקטע שטייערען און 1 חלק פון דירעקטע, אין ענגלאַנד 2 חלקים אינדירעקטע און 1 חלק דירעקטע, אין דערווייליגע ביי אונז 9 חלקים אונדירעקטע און 1 חלק דירעקט; און אַז אָך און וועה, ווי די דירעקטע שטייערען ווערען אין רוסלאַנד געזאַמעלט; מיר האָבען שוין פריהער בעוויזען, וויפיעל עס צאָהלען די אָרימע בויערן און רייכע פריצים. די קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג וועט מוזען איבערלאָזען דעם פּאַרלאַמענט די שווערע אַרבייט, בעשטימען וועלכע שטייערען דאַרף מען איינפיהרען און ווי הויך דאַרפען זיי זיין. נאָר די קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג וועט זיין גענויטיגט געוויסע רעפאָרמען שוין גלייך דורכצופיהרען, וואָרום געלד אויף די מלוכה-הוצאות וועט מען דאַרפען פיעל. אייניגע אונדירעקטע שטייערען וועלען גאָר אָבגעשאַפט ווערען, די דירעקטע שטייערען, וואָס די בויערן צאָהלען, וועלען שטאַרק פערקלענערט ווערען. אייניגע אונדירעקטע שטייערען וועלען אויך קלענער ווערען. מיר ווילען, פערשטעהט זיך, שטעהן דערפאַר, אַז עס זאָלען גאָר אָבגעשאַפט ווערען די אונדירעקטע שטייערען, אָבער, אויב דאָס זאָל אונז זיך ניט איינגעבען, וועלען מיר לכל הפחות פאָדערען, אַז עס זאָלען אַראָבגענומען ווערען די שטייערען אויף די נייטיגסטע לעבענסמיטלען, ווי צוקער, קעראָסין, אייזען, וואָל און ביימוואָל, שטיינקאָהלען א. ד. גל. כדי צו דעקען די הוצאה וועט די קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג מוזען אַריינפיהרען דירעקטע שטייערען. און דאָ וועלען מיר מוזען אָנשטרענגען אַלע אונזערע קרעפטען, עס זאָל אָנגענומען ווערען דער פּרינציפּ פון איינער שטייער-סיסטעם, ד. ה., פּראָגרעסיווע שטייער אויף הכנסה, פערמעגען און ירושה; דער פּראָצענט וועט געוויס זיין ניט אַזוי הויך, ווי מיר ווילען; אָבער דאָך וועט זיין גרינגער מיט דער צייט צו העכערען די שטייער, וועלכע איז שוין אַ לאַנגע צייט דורכגעפיהרט אין לעבען, איידער איינפיהרען נייע שטייערען. מיר זאָגען דאָס דערפאַר, וואָרום געוויס וועט אַ גרויסער טייל בעסער וועלען איינפיהרען אַנדערע דירעקטע שטייערען, נאָר ניט די, וועלכע מיר לייגען פאָר; למשל, אַ געוויסען פּראָצענט פון דירה-געלד אָדער פון דעם, וואָס עס איז ווערטה די דירה, אויב מען וואָהנט אין אַ'ן אייגענע הויז. בעוויזען, אַז אַזאַ שטייער איז ווייט פון סאָציאַלען יושר — איז ניט דאָ דער אָרט.

מיר וועלען פאָדערען פון דער קאָנסטיטואירענדער פערזאַמלונג, זי זאָל אַריינגעהמען אין דער קאָנסטיטוציע אַ בעשטימונג, אַז די געלד, וואָס עס איז נייטיג אויסצוהאַלטען די מדינה דאַרפען בעצאָהלען די בירגער דירעקט און יעדער דאַרף בעצאָהלען לפי ערך נאָך זיין הכנסה און זיין פערמעגען. אַזאַ בעשטימונג איז געווען אין דער קאָנסטיטוציע, וואָס

איז אָנגענומען געוואָרען אין דער נאַציאָנאַלער פֿערזאַמלונג אין 1793-טען יאָהר, אין דער צייט פֿון דער ערשטער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע.

## XI. די בויערן־פראגע (אגראר־פראגע).

אַ'ן ערך דריי פֿיערטעל פֿון דער גאַנצער בעפֿעלקערונג אין רוסלאַנד זיינען בויערן. די לאַגע פֿון אַ גרויסען טייל בויערן איז אַזוי שלעכט, אַז מען קען זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלען אַ שלעכטערען מענשען-לעבען. אַלע עהרליך-דענקענדע מענשען טענה'ן שוין לאַנג, אַז די מלוכה מיז באַנקראָטירען, ווען אַ גרויסער טייל פֿון איהרע איינוואָהנער האָט ניט פֿון וואַנען צו לעבען; אָבער אפילו די, וועלכע האבען געמיינט, אַז די בויערן זיינען בעשאַפֿען געוואָרען נאָר צוליעב צאָהלען שטייערען און האָרעווען אויף'ן פריץ, אפילו די זיינען דורך די אַלץ ברייטער און ברייטער געוואָרענע בויערן-אונרוהען, דורך די פֿערברענטע אימעניעס, צורויבטע שפייכלער מיט תבואה געוואָרען קליגער אַ ביסעל, און גיבען צו, אַז ווייטער קען דאָס אַזוי ניט געהן. ווי זאָל מען אָבער די בויערן העלפֿען?

אַ קלוגער און גייסטרייכער דייטשער פראָפֿעסאָר פֿלעגט אָפֿט זאָגען צו זיינע סטודענטען: אויב איהר זעהט, אַז כדי צו היילען אַ בעשטימטע קראַנקהייט ווענדעט מען אָן פֿערשיעדענע רפואות און מען זוכט אַלץ נייע, איז דאָס אַ סימן, אַז מען קען נאָך די קראַנקהייט ניט היילען; וואָלט מען זי געקענט היילען, וואָלט מען דאָך געבליבען ביי איין בעשטימטער רפואה. דיזע קלוגע ווערטער זיינען ריכטיג בנוגע צו דער בויערן-פֿראַגע. וועלכע מיטלען זיינען שוין ניט רעקאָמענדירט געוואָרען, און יעדער זאָגט, אַז זיין מיטעל איז דער בעסטער! אָנגעהויבען מיט שוואַכע מיטלען, ווי ביליגער קרעדיט, זעמסקי סקלאַדען מיט מאַשינען פֿאַר לאַנדאַרבייט א. ז. וו. און דערנאָך די מיטלען אַלץ פֿערשאַרפֿט: קאָאָפּעראַציע [1]), נאַציאָנאַליזאַציע [2]) און דערערדט זיך ביז... ביז סאָציאַליזאַציע [3]). אַזוי פֿיעל מיטלען! צו איז דאָס ניט אַ סימן, אַז יעדערער, וואָס ליובט זיין מיטעל, אַז מען קען מיט איהם די אונגליקליכע בויער,-פֿראַגע ראַדיקאַל אויסהיילען, — אַז ער האָט אַ טעות, אָדער ער שווינדעלט, האָבענדיג אין זינען אָבצונאַרען די אָרימע בויערן.

מיר, מאַרקסיסטען, זאָגען, אַז אויסהיילען קען מען די קראַנקהייט ניט; אַז ביי די רייכע בויערן (אַזעלכע זיינען אויך דאָ) איז געבליבען נאָר דער הוילער נאָמען „בויער", אין דער אמת'ן זיינען זיי געוועהנליכע בורזשואַזע עקספלואַטאַטאָרען; די בויערן, וואָס האָבען אַ שפּאַן ערד, וועלכע קען זיי ניט דערנעהרען, און מוזען זיך דערפֿאַר פֿערדינגען אויף אַרבייט, און די לאַנדאַרבייטער (באַטראַקען) זיינען געוועהנליכע פּראָלעטאַריער און זיי האָבען איין מיטעל: צושטעהן צו דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבייטער בעוועגונג; *) עס בלייבען די מיטלע בויערן

---

1) קאָאָפּעראַציע — די בויערן זאָלען גרינדען חברות און פֿיהרען דיווירטהשאַפֿט אין שותפות.

2) נאַציאָנאַליזאַציע — די ערד זאָל ווערען אייגענטהום פֿון דער נאַציאָן (פֿון דער מלוכה).

3) סאָציאַליזאַציע — פֿערווירקליכען דעם סאָציאַליזם דערווייל אין דעם ערד-בעזיץ.

*) מיר קענען דאָס זעהן נאָך דעם ערפֿאָלג נאָך, וועלכען אונזערע לאָטישע, קליין-רוסישע און גרוזינישע גענאָסען האָבען ביי זייער אַגיטאַציע און אָרגאַניזאַציע אין דאָרף.

— די קליין-בורזשואַזיע; מיר ווייסען, אַז אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט קען מען די קליין-בורזשואַזיע ניט אויסהיילען ביז צום גרונד, אַז זי ווערט צוזאַמען אין עקספּלואַטירט פֿון דעם קאַפּיטאַל, איהר עקאָנאָמישע לאַגע איז אונזיכער און דערפֿאַר זיינען איהרע פּאָליטישע און סאָציאַלע אידעאַלען אונקלאָר אין אונבעשטימט; די סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען זאָגען אפילו, אַז יעדער בויער איז אַ געבאָרענער סאָציאַליסט, מיר קענען ענטפֿערען: וואַרט אָב, לאָזען די בויערן אויפֿאַטהעמען אין דעם פֿרייען רוסלאַנד, לאָז זייער לעבען ווערען אַזוי, ווי עס לעבען די פֿאָלקסמאַסען אין מערב-אייראָפּאַ, און איהר וועט זעהן, אַז די מיטעלע בויערן זיינען די פּאָליטיש אונזיכערסטע מאַסע; אַז זיי וועלען שיקען אין פּאַרלאַמענט וועמען איהר ווילט: אַנטיסעמיטען, קאָנסערוואַטאָרען, קלעריקאַלען, דעמאָקראַטען, יעדען, ווער עס זאָגט זיי צו שעהנע לופֿטפּאַלאַצען, וואָס איז ניט געשטויגען און ניט געפֿלויגען. מיר זעהען דאָס אין דייטשלאַנד, פֿראַנקרייך, עסטרייך און מיר ווייסען ניט, פֿאַר וואָס זאָלען מיר גלויבען, אַז דער רוסישער בויער איז אַ אויסנאַהמע פֿון דעם מאַטעריאַליסטישען געזעץ אין דער געשיכטע.

מיר זאָגען די בויערן: אמת! אייער לאַגע איצטער אין רוסלאַנד איז זעהר שלעכט, אָבער אייער גאָלדענע צייט איז לאַנג פֿערביי; מאַכען אייך זעלבסטשטענדיג, אונאַבהענגיג פֿון קאַפּיטאַל, מאַכען אייך פֿאַר פֿרייע, צופֿריעדענע, גליקליכע ערדבעזיצער קענען מיר ניט; איהר וועט ווידער ווערען פֿריי און זעלבסטשטענדיג, אָבער דאָס ליגט נאָך אין דער גאָלדענער צוקונפֿט, אין סאָציאַליזם. *) מען קען אייך ניט לגמרי אויסהיילען, אָבער מען קען ערלייכטערען, אויסבעסערען אייער לעבען, אין צוליעב דעם דאַרפֿט איהר אונטערשטיצען דעם רעוואָלוציאָנערען אַרבייטערקלאַס אין זיינע פֿאָדערונגען: פּאָליטישע און בירגערליכע פֿרייהייט וועט שוין גרינגער מאַכען אייער לעבען, איהר וועט זיך ניט געפֿינען אונטער דעם געוואַלט פֿון דעם סטאַנאָוואָי אין זעמסקען נאַטשאַלניק, אייערע דעפּוטאַטען (אויב איהר וועט נאָר אויסקלייבען רעכטע) וועלען זעהן, אַז דאָס געלד, וואָס ווערט צונויפֿגעקליעבען פֿון דער בעפֿעלקערונג, זאָל אויסגעגעבען ווערען מיט נוצען; אונזער פֿאָדערונג — אָבשאַפֿונג פֿון אונדירעקטע שטייערען און איינפֿיהרען דירעקטע שטייערען אויף הכנסה, פֿערמעגען אין ירושה—וועט פֿון אייך אַראָבנעהמען אַ שווערע משא אין וועט וועלוועלער מאַכען די נויטיגע לעבענסמיטלען.

מיר גלויבען ניט, עס זאָלען זיך געפֿינען קורצזיכטיגע אידישע אַרבייטער און זאָלען זאָגען: „וואָס געהט דאָס אונז אָן די בויערן פֿראַגע, מיר האָבען דאָך ניט קיין בויערן!" — מיר זיינען בירגער אין רוסלאַנד, און מיר זיינען שטאַרק פֿעראינטערעסירט אין דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער ענטוויקלונג פֿון רוסלאַנד. פֿאַבריקאַציע און האַנדעל זיינען שטאַרק אָבהענגיג פֿון דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון די „קויפֿער", און די קויפֿער אין רוסלאַנד זיינען צום גרעסטען טייל בויערן. איז די עקאָנאָמישע לאַגע שלעכט, קען די קולטור אויך ניט הויך שטעהן אין לאַנד.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז מיר, אידישע סאָציאַלדעמאָקראַטען, קענען בעריהרען די בויערן-פֿראַגע נאָר אים אַלגעמיינען און ניט פֿערענטפֿערען איהר אין אַלע איהרע פּרטים. פּראַקטיש איז די פֿראַגע פֿיעל וויכטיגער פֿאַר אונזערע רוסישע גענאָסען, איידער פֿאַר אונז; זיי זיינען פֿיעל

---

*) אַריינפֿיהרען איצטער אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג אין ערדבעזיץ, בשעת די געזעלשאַפֿט בלייבט נאָך קאַפּיטאַליסטיש (דאָס רופֿט זיך „סאָציאַליזאַציע" פֿון דער ערד) — איז אַן אוטאָפּיע.

גענִיטער אין די פֿערהעלטניסען ביי די בויערן, זיי קענען בעסער דאָס לעבען פֿון די בויערן, און מיר האָבען דעם פֿעסטען צוטרוי צו די רו-סישע סאָציאַלדעמאָקראַטען, אז זיי וועלען פֿאָרלעגען די בעסטע רע-פֿאָרמען.

דער בויער מוז ערשט ווערען אַ פֿרייער מענש, דאַרף בעקומען גלייכע בירגער רעכטען מיט אַלעמען, דאַרף האָבען דאָס רעכט אַרויס-צוטרעטען פֿון דער דאָרף-קהילה (אָבשטשינאַ) און פֿערקויפֿען זיין חלק ערד, אויב ער וויל; די בויערן דאַרפען בעפֿרייט ווערען פֿון ספעציעלע שטייערען, וואָס זיי צאָהלען פֿאַר ערד. בויערן ווערען איצטער אַרויס-געטריבען פֿעריכטען די וועגען א. ז. וו., דאָס וועט זיין אונמעגליך, אַז עס וועלען אָבגעשאַפֿט ווערען די שטאַנדען. עס מוז פֿערגרעסערט ווע-רען זייער שטח ערד אויף'ן חשבון פֿון די גרויסע ערד עשירות, וואָס געפֿינען זיך אין די הענד פֿון דער מלוכה, קייזערליכע פֿאַמיליע, קלויס-טערס און גרויסע פריצים. עס דאַרף אַרויסגעגעבען ווערען אַ געזעץ, וועלכער זאָל רעגולירען די אַרענדע, דעם פרייז און די בעדינגונגען, אויף וועלכע דער בויער דינגט ערד ביי אַ גוטסבעזיצער. עס דאַרפֿען פֿאַר-גענומען ווערען נאָך רעפֿאָרמען, אויף וועלכע מיר קענען זיך דאָ ניט אָבשטעלען.

## XII. מוניציפאַלער „סאָציאַליזם".

מען רעדט וועגען מוניציפּאַלען „סאָציאַליזם", ווען די שטאָדט-פֿערוואַלטונג (מוניציפּאַליטעט) אָדער דאָרף-קהילה נעהמט אין די איי-גענע הענד די אַלגעמיין-ניצליכע אונטערנעהמונגען, ווי טראַמוואַי, גאַז-און עלעקטרישע בעלייכטונג אין די גאַסען, וואַסערלייטונג, שחיטה-הייזער (באָינעס) א. ז. וו.

אַ קאַפּיטאַליסט-אונטערנעהמער טראַכט זעהר ווייניג וועגען די געזונדהייט, וועגען דעם לעבען פֿון די מענשען, וועלכע ער קען ניר עקספּלואַטירען, ציחען פֿון זיי רוח. מיר זעהען דאָס, למשל, ווען די פֿאַבריקאַנטען טהוען גאָר נישט צו פֿערהיטען אונגליקען אין די פֿאַב-ריקען. מען קען זיך פֿאָרשטעלען, ווי אַלע איינוואָהנער פֿון אַ שטאָדט אָדער אַ דאָרף ליידען, אויב אַ'ן אַלגעמיין-נוצליכע אונטערנעהמונג פֿאַלט אַריין אין די הענד פֿון אַ קאַפּיטאַליסטישער חברה. מיר ווילען אַייך ברייגען נור איין ביישפּיעל, און פֿון אַ פֿרייעם לאַנד, פֿון דייטשלאַנד, וואו די עפֿענטליכע מיינונג איז אַ מאַכט און דאָך טהוען די קאַפּיטאַ-ליסטען, וואָס זיי ווילען. אין דער שטאָדט געלזענקירכען (דאָס ליעגט אין דער רוהר-פּראָווינץ, וואו היי-יאָהרדיגען ווינטער איז געוועזען דער גרויסער בערגאַרבייטער שטרייק) געהערט די וואַסער-לייטונג אַ'ן אַק-ציאָנערנע קאָמפּאַניע; דאָס וואַסער אין טייך איז זעהר שמוציג, ווייל עס פֿליעסען אין טייך אַריין די שמוציגע וואַסערען פֿון די פֿאַבריקען און זאַוואָדען, וועלכע געפֿינען זיך אין דיזער געגענד אין אַ גרויסער צאָהל. דערפֿאַר ווערט די טייך-וואַסער ערשט דיסטילירט און סטעריליזירט, איידער מען לאָזט איהר אַריין אין וואַסערלייטונג. מיט דריי יאָהר צוריק האָט זיך אין געלזענקירכען אָנגעהויבען מיט אַ מאָל אַ'ן עפּידע-מיע פֿון טיף. עס זיינען געשטאָרבען איבער הונדערט מענשען, קראַנק זיינען געווען עטליכע הונדערט. ס'איז געוואָרען אַ גערודער; דער מאַ-גיסטראַט האָט אָנגעהויבען צו זוכען די אורזאַכע. מען האָט אַראָבגעב בראַכט דעם בערימטען פּראָפֿעסאָר קאָך, עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין אַ'ן אַנדער שטאָדט, וואָס ליעגט אויף דער זעלבער טייך, ניר העכער אַלס געלזענקירכען, איז געווען אַ'ן איבערגאַנג אויף טיף, די

באַצילען פֿון טיף זיינען געוועזן אין טייך-וואַסער, און ניט די גאַנצע וואַסער האָט מען דיסטילירט (דאָס קאָסט דאָך געלד), אַ גרויסען טייל וואַסער פֿלעגט זיך געהמען גלייך פֿון טייך און אַריינפֿיהרען אין די וואַסערלייטונג, דערפֿון האָט געוואוסט די דירעקציע און איינציגע מע-כאַניקער. אַז דאָס קען פּאַסירען אין דייטשלאַנד, היינט וואָס קומט ביי אונז פֿאָר.

מיר פֿאָדערען, אַז די אָרטיגע פֿערוואַלטונג זאָל אַליין פֿיהרען די אַלגעמיין נוצליכע אונטערנעהמונגען, ווייל דער מאַגיסטראַט, וועלכער ווערט אויסגעקליבען פֿון דער בעפֿעלקערונג, וועט זעהן צו בעפֿריע-דיגען די אינטערעסען פֿון די איינוואָהנער; און ווייטער ווילען מיר דאָס, ווייל דאָס ברייננט אַריין אַ געוויסע הכנסה אין דערפֿאַר וועלען די שטייערן זיין קלענער. געוועהנליך, בעקומען די אַרבייטער העכערע שכירות, אַרבייטען ווייניגער, די בעדינגונגען זיינען בעסער, ווען זיי אַרבייטען אין שטאָדטישע אין דאָרפֿישע * אונטערנעהמונגען, אין דאַן מוזען די פּריוואַט-אינטערנעהמער אויך נאָכגעבען זייערע אַרבייטער.

וועגען די אויפֿגאַבען פֿון שטאָדט—און דאָרף פֿערוואַלטונגען,—ווי זיי דאַרפֿען זאָרגען וועגען די זיכערהייט, געזונדהייט, בילדונג פֿון די איינ-וואָהנער, וועגען האַנדעל און פֿאַבריקאַציע, וועגען פֿערשענערען זיי שטאָדט א. ז. וו. קען מען און מען דאַרף אָנשרייבען אַ גאַנצען בוך; אין אונזער פּראָגראַם ווילען מיר זיך אָבשטעלען נור אויף 2 פֿראַגען: די יוריסטישע און מעדיצינישע הילף.

## XIII. אומזיסטע יוריסטישע הילף.

די געזעצען אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט האָבען דעם צוועק צו בעשיצען די אינטערעסען פֿון די הערשענדע קלאַסען, די אַרבייטער און אָרימע מענשען קענען זיך ניט דערשלאָגען צו זייערע רעכטען, וועלכע עס גיבען זיי אַפילו די איצטיגע געזעצען, ווייל זיי האָבען ניט קיין געלד צו נעהמען זיך גוטע יוריסטען (אַדוואָקאַטען). עס זיינען דאָ טויזענדע געזעצען, מען דאַרף קענען דערווייזען ביי דעם געריכט, וואָס מען מאָהנט, פֿאַר וואָס מאָהנט מען דאָס א. ז. וו., דאָס איז נור אימ-שטאַנד אויסצופֿיהרען אַ געלערנטער יוריסט. מיר פֿאָדערען, אַז די אָרטיגע פֿערוואַלטונג זאָל דינגען יוריסטען, וועלכע זאָלען געבען עצות אין געריכטס-ענינים, זאָלען פֿערטיידיגען אויף דעם געריכט א. ז. וו. און כדי די בעפֿעלקערונג זאָל האָבען צוטרוי צו דיזע יוריסטען, דאַרפֿען זיי זיין אויסגעקליבען דורך די בעפֿעלקערונג.

## XIV. אומזיסטע מעדיצינישע הילף.

אין רוסלאַנד שטאַרבען לפי ערך פֿיעל מעהר מענשען, איידער אין די איבריגע לענדער פֿון אייראָפּאַ; עס שטאַרבען מעהר דערוואַקסענע, עס שטאַרבען נאָך מעהר אויס קליינע קינדער. צום טייל איז דאָס דער-פֿאַר. וואָס אין רוסלאַנד דערנעהרען זיך די ברייטע פֿאָלקס-מאַסען ערגער, איידער אין אויסלאַנד, קליידען זיך ערגער, די ריינליכקייט ווערט ווייניגער אָבגעהיט, ניטאָ אין די שטעדט און די דערפֿער קיין גוטע קאַנאַליזאַציע,

---

* מיר זאָגען אַזוי: „דאָרפֿישע". אין רוסלאַנד זיינען נאָך דאָ פֿיעלע שטעדט אָהן וואַסערלייטונג, בעלייכטונג, קאַנאַליזאַציע א. ז. וו. וועגען דערפֿער איז גאָר ניטאָ וואָס צו ריידען, אין אויסלאַנד איז עס אַנדערש.

קיין גערייניגטע וואַסער צום טרינקען א. ז. וו. א. ז. וו. צום טייל אָבער איז דאָס דערפֿאַר, ווייל אין רוסלאַנד איז זעהר שלעכט אַוועקגעשטעלט געוואָרען די מעדיצינישע הילף און אין אַ סך ערטער פֿעהלט זי גאָר. קריינקען קען זיך פֿערגינען ביי אונז נור אַ רייכער מענש, אַ'ן אָרעמער האָט ניט ביי אונז ניט קיין גוטע שפּיטאָלען, ניט קיין רפֿואות, ניט קיין דאָקטוירים. מיר פֿאָדערן, אַז אין יעדער שטאָדט, אין יעדען גרויסען דאָרף זאָלען זיין גוטע שפּיטאָלען, מיט גוט אויסגעבילדעטע דאָקטוירים; אין די שפּיטאָלען זאָלען אויפֿגענומען ווערען אַלע קראַנקע, אַלע קינפּעטאָרען אומזיסט. אויב רייכע וועלען זיך וועלען היילען אויף דעם אייגענעם חשבון קען זיי קיינער ניט פֿערווערען. אין רוסלאַנד איז דאָ אַ געזעץ, אַז אויף גרויסע פֿאַבריקען דאַרפֿען זיין שפּיטאָלען פֿאַר קראַנקע אַרבייטער. דער געזעץ ווערט דאַרפֿען אָבגעשאַפֿט ווערען מיר ווייסען, ווי מען היילט אין די פֿאַבריק-שפּיטאָלען, וואו דער דאָקטאָר איז אָבהענגיג פֿון פֿאַבריקאַנט. אויף דער פֿאַבריק דאַרף נור זיין אַ'ן אַמבולאַטאָריע, וואו מען זאָל קענען געבען איינעם די ערשטע הילף, אָבער תיכף דאַרף דער קראַנקער אַרבייטער געבראַכט ווערען אין דעם שטאָדטישען שפּיטאָל.

אַז די אָרטיגע פֿערוואַלטונג דאַרף אויסגעקליבען ווערען אויף דעם גרונד פֿון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואהלרעכט, האָבען מיר שוין גערעדט. אונזער פֿאָדערונג: פּראָגרעסיווע שטייער אויף הכנסה, פֿערמעגען און ירושה אָנשטאָט די איצטיגע שטייערען. געהערט ניט נור צו די שטייערען. וואָס די מלוכה זאַמעלט, נור אויך צו די שטייערען, וואָס די שטאָדט אָדער די דאָרף קלייבט צונויף אויף איהרע הוצאות. אַז די פּאָליציי דאַרף זיין אויסגעקליבען דורך דאָס פֿאָלק אין אָבהייגען פֿון מוניציפּאַליטעט, האָבען מיר שוין אויך אַרומגערעדט — דאָס אַלץ איז אַזוי וויכטיג, אַז דאָס דאַרף אויסגעדריקט ווערען אין דער קאָנסטיטוציע. די איבעריגע פֿאָדערונגען: מוניציפּאַלער סאָציאַליזמוס, אומזיסטע יוריסטישע און מעדיצינישע הילף א. ז. וו. — זיינען אויך וויכטיג אָבער אין דער קאָנסטיטוציע ווערען זיי געוועהנליך ניט אַריינגעטראָגען.

---

# נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען.

נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען! האָט דען אין קען דען האָבען דער פּראָלעטאַריאַט נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען?! געהערען דען ניט אַלע פּראָלעטאַריער אָהן אונטערשיעד פֿון נאַציאָן צו דעם זעלבען אַרבייטער־קלאַס, וועלכער ווערט גלייך עקספּלואַטירט פֿון דעם קאַפּיטאַל?! קען דען און דאַרף דען אַ „גוטער און פֿרומער" מאַרקסיסט „דערמאָנען" דעם אידישען אַרבייטער, אַז ער איז אַ איד, דעם לאַטווישען, אַז ער איז אַ לאַטיש אין ז. וו.?! פֿערדונקעלט דאָס ניט דעם קלאַסענבעוואוסטזיין פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט? אַזוינע און נאָך פֿיעלע אַזעלכע פֿראַגען קומט אויס אויסצוהערען; אין די לעצטע 2-3 יאָהר פֿון אַ געוויסען סאָרט מענשען מיט קליינינקע מוחות, וואָס האָבען נעבעך אַליין קירצינקע און פֿאַלשע בעגריפֿען פֿון דעם, וואָס איז קלאַסענאינטערעס, קלאַסענבעוואוסטזיין.

אין וואָס בעשטעהט דער קלאַסענאינטערעס פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט? וואָס פֿערשטעהען מיר אונטער קלאַסענבעוואוסטזיין? דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַ קלאַס, איז פֿעראינטערעסירט אין דעם, אַז די פּראָדוקציאָנסמיטלען זאָלען איבערגעהן פֿון פּריוואַט־בעזיץ אין דעם בעזיץ פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט, ד. ה. ער איז פֿעראינטערעסירט אין דער פֿערווירקליכונג פֿון סאָציאַליזם. אין זיין בראָשורע „די סאָציאַלע רעוואָלוציע" *) דערווייזט קאַוטסקי, אַז אויב דער פּראָלעטאַריאַט אין וואָס ניט איז פֿאַר אַ לאַנד וועט אפילו ניט זיין סאָציאַליסטיש געזינט, וועלען איהם דאָך זיינע אייגענע אינטערעסען צווינגען אַרויפֿצוטרעטען אויף דעם וועג פֿון סאָציאַליזם, וויבאַלד ער וועט נאָר געווינען די פּאָליטישע מאַכט. פֿיעל שנעלער און לייכטער, מיט פֿיעל ווייניגער קרבנות פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט וועט דער פּראָלעטאַריאַט דורכפֿיהרען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, אויב ער וועט ניט ווי אַ בלינדער טאַפּען אין דער פֿינסטער; נאָר ער וועט זיך בעוואוסט שטעלען אין קאַמפּף, ווען ער וועט פֿון אָנהויב אָן פֿערשטעהן, אַז דער סאָציאַליזם איז זיין געזעלשאַפֿטליכער אידעאַל, אַז די איבריגע קלאַסען זיינען מעהר אָדער ווייניגער צופֿריעדען מיט דער איצטיגער אָרדנונג, און אַז דערפֿאַר מוז ער זעלבסטשטענדיג און אַליין דורכפֿיהרען דעם הייליגען קאַמפּף און בעפֿרייען די ליידענדע מענשהייט. דער פּראָלעטאַרישער קלאַסענאינטערעס פֿאָדערט די פֿערווירקליכונג פֿון סאָציאַליזם, דער פּראָלעטאַרישער קלאַסענבעוואוסטזיין — איז די פֿערשטענדניס, אַז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט אַליין איז דער טרעגער פֿון סאָציאַליסטישען אידעאַל. אויפֿוועקען און ענטוויקלען דעם קלאַסענבעוואוסטזיין ביי די אַרבייטער, „רעוואָלוציאָניזירען די קעפּ" — איז דערפֿאַר די העכסטע און די הייליגסטע אויפֿגאַבע פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. אויפֿוועקען און ענטוויקלען אָבער דעם קלאַסענבעוואוסטזיין קען מען נאָר אין קאַמפּף און דורך דעם קאַמפּף. קעמפּפענדיג פֿאַר זיינע פֿאָדערונגען, זעהט דער פּראָלעטאַריאַט, ווי ענטגעגענגעזעצט עס זיינען די אינטערעסען פֿון דער בורזשואַזיע צו זיינע אינטערעסען. ווילען מיר האָבען פֿאָלקאָמענע סאָציאַלדעמאָקראַטען, קלאַסענבעוואוסטע, ענטוויקעלטע אַרבייטערמאַסען, דאַרפֿען מיר פֿיהרען דעם קאַמפּף אין אַלע ווינקעלעך פֿון דעם געזעל־

*) אַרויסגעגעבען פֿון בונד.

שאַפּטליכען לעבען; פֿערשליסען פֿאַר די אַרבייטערמאַסען אַ טייל פֿון געזעלשאַפֿטליכען לעבען, איז אַ פֿערברעכען געגען דעם פּראָלעטאַריאַט, ווייל דאָס מוז פֿערדונקלען זיין קלאַסענבעוואוסטזיין. וואָס וואָלט געווען, אַז די סאָציאַלדעמאָקראַטיע וואָלט געזאָגט: „די אַרבייטער דאַרפֿען (דערווייל) פֿיהרען נאָר אַ׳ן עקאָנאָמישען קאַמפּף"; די פּאָליטישע בעדערפֿניסען פֿון די אַרבייטערמאַסען וואָלטען דאַן דורך די סאָציאַלדעמאָקראַטיע ניט בעפֿרידיגט ווערען; צו די אַרבייטערמאַסען וואָלטען געקומען בורזשואַזע פּאָליטיקער און וואָלטען אָנגעפֿיהרט די אַרבייטערמאַסען אין פּאָליטישען קאַמפּף; דאָס וואָלט שטאַרק פֿערדונקלען דעם קלאַסענבעוואוסטזיין פֿון די מאַסען, זיי וואָלטען געמיינט, אַז ביי זיי אין ביי דער בורזשואַזיע זיינען די זעלבע פּאָליטישע אינטערעסען. דאָס זעלבע וואָלט געווען, אייב די סאָציאַלדעמאָקראַטיע וואָלט אויפֿהערען צו פֿיהרען אָדער זי וואָלט נאָר שוואַך געפֿיהרט דעם עקאָנאָמישען קאַמפּף. און דער קאַמפּף פֿאַר נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען איז אין דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען אויך אַזוי וויכטיג, ווי דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער קאַמפּף. אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך אַלע נאַציאָנאַלע אויסנאַהמס-געזעצען און ערהאַלטען די מעגליכקייט פֿריי זיך קולטורעל צו ענטוויקלען—איז פֿאַר דעם פּראָלעטאַריאַט אַקוראַט אַזוי וויכטיג, ווי דער קאַמפּף פֿאַר פּאָליטישע פֿרייהייט, פֿאַר הויכע שכירות, פֿאַר אַ קורצען אַרבייטסטאָג, און בפֿרט, אַז דאָס קענען מיר נאָר אין אונזער מוח אינטערשיידען, אָבטיילען איין קאַמפּף פֿון דעם אַנדערען; דאָס ווירקליכע לעבען וויל פֿון שיידעווענד ניט וויסען; אין דעם לעבען הענגט אָב אַלץ איינס פֿון דאָס אַנדערע; אַ נאַציאָנאַל-אונטערדריקטער אין קולטורעל אונענטוויקעלטער פּראָלעטאַריאַט קען לייכט פֿערפֿיהרט ווערען אויף אַ פֿאַלשען וועג אין זיין פּאָליטיש-עקאָנאָמישען קאַמפּף. פּאָליטישע פֿרייהייט איז נויטיג, כדי מען זאָל קענען פֿיהרען דעם עקאָמישען אין נאַציאָנאַלען קאַמפּף און ז. וו.

דערפֿאַר זאָגען מיר, אַז דעם קלאַסענבעוואוסטזיין פֿערדונקלען יענע (אָדער זיי פֿיהרען דערצו), וועלכע זאָגען, אַז מען דאַרף דעם אַרבייטער ניט „דערמאָנען", אַז ער איז אַ איד, אַ לאַטיש א, ז, וו, וועלען מיר, סאָציאַלדעמאָקראַטען, וועגען דעם ניט ריידען, וועלען זיך די אַרבייטער צוהערען צו די רייד פֿון די בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטען. דער סאָציאַליסטישער אידעאַל, דער קלאַסענקאַמפּף און דער קלאַסענכאַראַקטער פֿון אונזער בעוועגונג—דאָס איז אונזער קאָמפּאַס, וועלכער פֿיהרט אונז אויף דעם ריכטיגען וועג אין אונזערע נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען: דער קאָמפּאַס פֿערהיט אונז פֿון איין זייט פֿ׳ן דעם וויסטען מדבר אויף וועלכען עס וואַקסען די קינדערשע אַסימילאַציע-טעאָריען, און פֿון דער אַנדער זייט—פֿ׳ן דעם זומפּף, אויף וועלכען עס וואַקסט דער בורזשואזער-נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם.

די פֿאָדערונגען, וועלכע מיר וועלען אַרומריידען אין דיזע קאַפּיטלען זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרען ניט נור פֿון אונז, אידישע סאָציאַלדעמאָקראַטען, אַליין. אַז עס דאַרף אָבגעשאַפֿט ווערען יעדע נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, אַז יעדע נאַציאָן האָט דאָס זעלבסטבעשטימונגס-רעכט— דאָס ווערט געפֿאָדערט פֿון דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, און פֿון דער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע אויך. מיר ווילען נור די פֿאָדערונגען סיסטעמאַטיזירען, אָנפֿילען זיי מיט אַ לעבעדיגען אינהאַלט, כדי זיי זאָלען קענען ענטוויקלען דעם קלאַסענבעוואוסטזיין פֿון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט. אַ ביישפּיעל וועט אייך ערקלערען, וואָס מיר מיינען דערמיט. אַ סאָציאַלדעמאָקראַט, פֿון יענעם מין, וואָס האָבען מורא צו „דערמאָנען" דעם אידישען אַרבייטער, אַז ער איז אַ

איד א, ז, ו,, וועט וועלען אַרומריידען די פּראָגראַם פֿאָדערונג וועגען בעוועגונגס פֿרייהייט. קריסטליכע אַרבייטער האָבען דאָס רעכט צו וואָה-נען, וואו זיי ווילען; די בעגרענצונגען אין דעם וואָהנרעכט דריקען אונז באַרמהערציג די אידישע אַרבייטער. אָבער דער דערמאָנטער סאָציאַל-דעמאָקראַט וועט ניט האַלטען פאַר נויטיג, „דערמאָנען" די אידען, אַז זיי ליירען פֿון דעם; ער וועט ניט בעווייזען די „אידישע" אַרבייטער, ווי אויסנאַהמס-געזעצען דריקען מיט אַ פֿערשיעדענער קראַפֿט זיי און די אידישע בורזשואַזיע, בעססער אַריבערשפּרינגען איבער אַזעלכע זאַכען. און דאָ קימען אידישע נאַציאָנאַליסטען, „ציוניסטען-סאָציאַליסטען" און ווי זיי הייסען נאָך, און פֿערנעמען דעם אָרט פֿון דעם אויבענדערמאָנטען סאָציאַלדעמאָקראַט, הויבען אָן צו דרש'נען וועגען די געמיינזאַמע אינ-טערעסען פֿון דעם גאַנצען יודישען פֿאָלק: דורך דעם, וואָס דער סאָציאַל-דעמאָקראַט האָט ניט בעלייכט די נאַציאָנאַלע אינטערעסען מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער קריטיק, וואָס ער איז איבער זיי אַריבערגעשפּרונגען, אָבגעלייקענט זיי, האָט ער געגעבען דעם נאַציאָ-נאַליסט די מעגליכקייט פֿערנעהמען זיך מיט זיין שעדליכער פּראָפּאַגאַנדע און פֿערדונקלען דעם קלאַססענבעוואוסטזיין פֿון אַ טייל אידישע פּראָליטע-טאַריער (ווי מיר זעהען אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אָדעסאַ, ניקאָלאַיעוו חערסאָן). מיר, אידישע סאָציאַלדעמאָקראַטען, טרעטען אַרויס אָפֿען מיט די נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען פֿון'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט און האָבען גאָר קיין מורא ניט צו „דערמאָנען" די אַרבייטער, אַז זיי זיינען אידען; מיר דאַרפֿען זיי גאָר ניט דערמאָנען, וואָרום דער לעבען דערמאָנט זיי דאָס אייף יעדען שריט און טריט. אָבער אַרויסטרעטענדיג מיט נאַציאָ-נאַלע פֿאָדערונגען פֿערגעססען מיר ניט גלייך צו בעווייזען, אַז די אינטע-רעסען פֿון פֿערשיעדענע קלאַססען זיינען פֿערשיעדען, אַז—לאָמיר זיך אַ מאָל קעהרען צו אַ נייער ביישפּיעל—דורך דעם, וואָס די אידען זיינען פֿערשלאָ-סען אין דער טשערטאַ, ליידען די אַרבייטער פֿיעל מעהר, איידער די אי-דישע בורזשואַזיע; די אינטערעסען זיינען ביי דיזע ביידע קלאַססען פֿערשיעדען, די טאַקטיק און דער קאַמפּף פֿערשיעדען (אויב מען קען איבערהייפּט רעדען וועגען „קאַמפּף" ביי דער אידישער בורזשואַזיע),—דורך אַזאַ אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע מאַכען מיר נאָר קלאָרער און שאַרפֿער דעם קלאַססענבעוואוסטזיין פֿון דעם פּראָליעטאַריאַט און צו גלייך דרינגען מיר אַריין אין אַלע וויכטיגע לעבענס-אינטערעסען פֿון דעם אידישען פּראָליעטאַריאַט, די אידישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין דער אידישער פּראָליעטאַריאַט ווערט איין גוסאַייזען, — ווי ביי דער פֿאָדערונג פֿון בעוועגונגס פֿרייהייט, אַזוי ביי אַלע איבריגע נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען טרעטען מיר אַרויס מיט די ווייטגעהענדסטע פֿאָדערונגען פֿון נאַציאָנאַלער גלייכהייט און פֿרייהייט, מיר האָבען קיין מורא ניט פֿאַר די הערשענדע קלאַססען פֿון די הערשענדע נאַציאָנען, וואָרום אין אינער קאַמפּף קענען מיר פֿעה'ירען נור אונזערע קייטען. און אַזוי ווי מיר מוזען אַרויסשטעלען בירגערליך - דעמאָקראַטישע פֿאָדערונגען, ווייל די ליבעראַלע און דע-מאָקראַטישע עלעמענטען זאָגען זיך אָב פֿון קאַמפּף, אָבער מיר ווערען נאָך ניט דורך דעם אַ דעמאָקראַטישע רעפֿאָרם-פּאַרטיי, אַזוי מוזען מיר אויך אַרויסשטעלען נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען און דאַרפֿען קיין מורא ניט האָבען, ווען איינער וועט אונז איבער זיין אונוויסענהייט אָדער שלעכטס-קייט אָנרופֿען נאַציאָנאַליסטען.

מיר האַלטען פֿאַר צוועקמעסיג אַרומצוריידען די נאַציאָנאַלע פֿאָ-דערונגען אין 2 קאַפּיטלען: אין איינעם די נעגאַטיווע פֿאָדערונגען (ד. ה. די פֿערניינענדע), אין דעם אַנדערן — די פּאָזיטיווע (די בעיאַהענדע), אין דעם ערשטען קאַפּיטעל וועלען מיר אַרומריידען די פֿאָדערונגען

וועגען אָ ב ש אַ פֿ ע ן די פּאָליטישע און בירגערליכע אויסנאַהמס-געזעצען, אין דעם צווייטען—די פֿאָדערונגען מיט וועלכע מיר זיינען אויסען קאָנסטיטוציאָנעל צו בעוואָרענען די פֿרייע ענטוויקלונג פֿון די נאַציאָנאַל-קולטורעלע קרעפֿטען („נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע").

## I. גלייכבערעכטיגונג אין פּאָליטישע און בירגערליכע לעבען.

אין דיזען קאַפּיטעל וועלען מיר קיינע נייע פּרינציפּען, נייע פֿאָדערונגען צו דער קאָנסטיטוציע ניט אַרויסשטעלען. וועגען דעם איז שוין געוועזען די רייד אין דעם ערשטען טייל פֿון דער בראָשיורע, אַז דאָס וואַהלרעכט דאַרף זיין אַלגעמיין און גלייך, אַז מיר, אידען, דאַרפֿען האָבען אַקטיווען און פּאַסיווען וואַהלרעכט גלייך מיט אַלעמען. אין די ערשטע קאַפּיטלען פֿון דיזען טייל האָבען מיר אַרויסגעשטעלט און אַרומגערעדט די פֿאָדערונג: גלייכבערעכטיגונג פֿאַר אַלע בירגער און בירגערינען, צו וועלכער נאַציאָן זיי זאָלען ניט געהערען. אַלע דיזע פֿאָדערונגען און בעשטימונגען מוזען און וועלען אַריינגענומען ווערען אין דער קאָנסטיטוציע, מיט דיזען קאַפּיטעל זיינען מיר אַ'ן אַנדער זאַך אויסען. אַלעמאָל איידער מיר זאָגען: „עס לעבע דער סאָציאַליזם" פֿאָדערען מיר אַ פֿריהער: „ניעדער מיט דעם קאַפּיטאַליזם"; איידער מיר זאָגען: „עס לעבע די דעמאָקראַטישע רעפּובליק", רופֿען מיר אויס: „ניעדער מיט דער זעלבסטהערשאַפֿט", ד. ה., אז מיר שטעלען אַרויס אַ פֿאָדערונג, בענוגענען מיר זיך ניט מיט דעם, וואָס מיר דריקען אויס א'נזער פּאָזיטיווען וואונש, נאָר מיר זאָגען נאָך בפירוש, פֿון וואָס ווילען מיר פּטור ווערען. נאָך דיזער מעטאָדע וועלען מיר אויך אַרום ריידען די נאַציאָנאַלע פֿראַגע. אין דיזען קאַפּיטעל וועלען מיר אויסרעכענען די הויפּטאויסנאַהמען און בעגרענצונגען, א'נטער וועלכע עס ליידען, די אידען בכלל און מיר אידישע אַרבייטער בפרט און וועלכע מוזען אָבגעשאַפֿט ווערען. מיר האָבען שוין אין דער בראָשיורע אַרויסגעשטעלט די פֿאָדערונג: גלייכבערעכטיגונג פֿ אַ ר אַ ל ע נאַציאָנען; וועגען דעם וועלען מיר נאָך ריידען אין דעם קאַפּיטעל וועגען נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע; אָבער אין דיזען קאַפּיטעל וועלען מיר זיך בעשעפֿטיגען נור מיט די אויסנאַהמסגעזעצען געגען די אידען, די אויסנאַהמסגעזעצען זיינען פֿאַר פֿערשיעדענע נאַציאָנען פֿערשיעדען אין רוסלאַנד. אויסרעכענען אַלע אויסנאהמען וואָלט געווען דאָ אונמעגליך, און מיר רעכענען אַז אונזערע לאַטווישע, פּוילישע, אַרמענישע א. ז. וו. גענאָסען וועלען, יעדער בעזונדער' בעסער זיין אימשטאַנד איידער מיר אַרומצורעדען די בעגרענצונגען, אונטער וועלכע זיי ליידען.

אויסנאַהמסגעזעצען! ווי שענדליך קלינגען דיזע ווערטער, ווי שרעקליך זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט! זיי האָבען געבראַכט צו אַ מוראדיגער אָרעמקייט די אידישע בעפֿעלקערונג, אַז אַפֿילו אַ גובערנאַטאָר *) שרייבט: אין ווילנא זיינען אַ „פֿערטעל פֿון אַלע אידען באָרוועסע, הוילע, הונגעריגע"; די קאָנקורענץ צווישען די קרעמער, האַנדווערקער איז אונגעהייער, איינער פֿערשלינגט דעם אַנדערען לעבעדיגערהייט. די בעסטע עלעמענטען פֿון פֿאָלק, די יונגע, געזונדע, גוטע אַרבייטער לויפֿען פֿון

---

*) זעה דעם געהיימען בעריכט פֿון דעם ווילנער גובערנאַטאָר פּאַלען, וועגען די לאַגע פֿון די אידען אין דער ווילנער גובערניע, אַרויסגעגעבען פֿון „בונד".

רוסלאַנד צו הונדערטער טויזענד אין אַמעריקאַ, אַפריקאַ, ענגלאַנד, וואו די וועלט האָט אַ ברעג. דער וואָרט „איד" איז געוואָרען אַ בזיון, מיט דזעם וואָרט זידעלט מען זיך. דאָס רוסישע געזעצבוך (טייל 9, פונקט 762) שטעלט די אידען אויף איין ברעט מיט ד י ו ו י ל ד ע פעלקער, (אין דער אמת'ן גיט דער געזעץ אַפילו די ווילדע פעלקער מעהר רעכ- טען איידער די אידען), וועלכע זיינען נע ונד אין דעם וויטעסטען צפון פון סיביריען. גובערנאַטאָר פאַלען שרייבט: „די אַרומיגע בעפעלקערונג האָט זיך איינגעוואָהנט צו קוקען אויף די אידען, ווי אויף אַ פערפלוכטען פאָלק, וואָס אונטערשיידעט זיך ניט אין זיין סאָציאַלער לאַגע פון ציגיינער; יעדער קריסט, אַפילו דער אָרעמסטער, רעכענט זיין אייגענע סאָציאַלע לאַגע פיעל העכער, איידער די סאָציאַלע לאַגע פון דעם רייכסטען אידען". (זייטע 54). האָט זיך אָבער ביי דער אַרומיגער בעפעלקערונג אויסגע- בילדעט אַזאַ מיינונג וועגען די אידען, אַז זיי זיינען נידריגערע בעשעפע- ניסען, אַז מען קען מיט זיי טהאָן, וואָס מען וויל — איז אָפט גענוג די אַרבייט פון קרושעוואַנען אין דער פאָליציי, מען זאָל מאַכען אַ פאָג- ראָם. די עהרע, דאָס לעבען, די בעל-הבית'שקייט פון יעדען אידען שטעהט אין רוסלאַנד אויסער דעם געזעץ — אויף וויפיעל מען קען איבערהויפט ריידען דערוויילע אין רוסלאַנד וועגען געזעץ. אין דיזע טיעפע פינסטערניס פון אידישען לעבען איז אַריינגעדרונגען אַ ליכטיגער שטראַהל — די אידישע סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבייטערבעוועגונג אונ- טער דער אָנפיהרונג פון „בונד". מיט דעם „בונד" הויבט זיך אָן אַ נייע בלאַט אין דער אידישער געשיכטע: סאָציאַליזם און פרייהייט אָנשטאָט „אַ רוהיגען בעל-הבית'שען לעבען", פאָדערען אָנשטאָט בעטען, קעמפ- פען אָנשטאָט קוסען די הענד — וואָס פאַר אַ מאַסע פון נייע געדאַנקען און געפיהלען, ווי שנעל האָבען זיי אימגעביטען דעם אויסזעהען פון דעם אידישען אַרבייטער: היינט א קעמפפער, אַ העלד אין זשיטאָמיר, לאָדז, אָדעס, מיט עטליכע יאָהר צוריק אַ פינסטערער קנעכט!

אויסרעכענען אַלע בעגרענצונגען פאַר אידען — איז אין אַ קליינע בראשורע אונמעגליך; ניטאָ איין וויכטיגער געזעץ אין רוסלאַנד, וועלכער זאָל ניט האָבען אויסנאַהמען וועגען אידען, און עס איז קוים פראַגען נאָך אַ טייל פון דער בעפעלקערונג אין רוסלאַנד, וועלכער זאָל אַזוי גע- רודף'ט ווערען פון דער רעגירונג, ווי אידען. דער גובערנאַטאָר פאַלען שרייבט אין זיין בעריכט (זייטע 11), אַז אויב אַ געזעץ מאַכט פאַר אי- דען קיין אויסנאַהם ניט, איז דאָס אַ סימן, אַז דער געזעץ ריהרט ניט אָן קיין וויכטיגע אינטערעסען אין לעבען, ער איז מסתמא אַ גלייכגילטיגע זאַך. עס איז גענוג מיר זאָלען דערמאָנען, למשל, דעם פריזיוו, ווי שווער עס איז אַ אידען דערוויזען, אַז ער האָט לגאָטע, ער מוז בריינ- גען אַ פאַפיער פון דער פאָליציי, אַז די לגאָטע איז ריכטיג, אָבער די פאָליציי איז ניט מחויב אַרויסצוגעבען אַזאַ פאַפיער; ווייטער — ווי עס ווערען אָבגעגעבען איין איינציגע קינדער, ווי עס ווערט אויפגעמאָנט די 300 רובל שטראָף א. ז. וו. מיר וועלען זיך דאָ אָבשטעלען אויף די וויכטיגסטע אויסנאַהמען.

## א) דאָס וואָהנרעכט.

עס איז שווער צו ערקלערען אַ'ן אויסלענדער די בעגרענצונגען אין וואָהנרעכט, אונטער וועלכע די אידען ליידען. דאָס אידישע „געטאָ", אַ בעשטימטער קוואַרטאַל אין יעדער שטאָדט, אין וועלכען די אידען איז געווען ערלויבט צו וואָהנען — דערפון זיינען אין אויסלאַנד געבליבען נור זכרונות. דאָס רוסישע געטאָ — די טשערטאַ — איז אָבער נאָך פיעל

שעדליכער, איידער עס איז געווען די געטאָ אין מיטעל־אַלטער אין מערב־אייראָפּאַ. דער האַנדעל איז דאַן געווען קליין, פֿאַבריקען זיינען ניט געווען, יעדער איד האָט נאָך פֿערדינט אויף זיינע הצטרכות אין דער אידישער גאַס, וועלכע פֿלעגט זיך נור ביי נאַכט פֿערשליסען דורך אַ טויער, ביי טאָג אָבער איז פֿאַר אידען, פֿאַר זייער מלאכה און מסחר, געווען אָפֿען די גאַנצע שטאָדט. אין דעם 19־טען און 20־טען יאָהרהונדערט, אין דער בליהונגס צייט פֿון קאַפּיטאַליזם, איז דער בילד אַ גאַנץ אַנדערער: מיר האָבען שוין מעהר ניט אַזעלכע שטעדט, וועלכע זאָלען לעבען זעלבסטשטענדיג, דורך זייער מלאכה און מסחר; די גאַנצע לאַנד, מען קען זאָגען, די גאַנצע וועלט איז געוואָרען אַ גרויסער מאַרק; די אייזענבאַהנען וואַרפֿען אַריבער סחורות און אַרבייטער פֿון איין עק לאַנד אין דעם אַנדערען, און אין אַזאַ צייט פֿערשפּאַרען זעקס מי־ליאָן מענשען אין עטליכע בעשטימטע שטעדט קען האָבען נור איין ציעל: לאָזען זיי אויסגעהן פֿון הונגער און אָרעמקייט. און די רעזולטאַטען זיינען אַזוי פֿירכטערליך, אַז אפילו גובערנאַטאָרען און קאָרעספּאָנדענטען פֿון „נאָוואָיע ווּרעמיאַ“ (אַ געוויסער הערר ענגעלגאַרדט) שרייבען, אַז די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די אידען אין משערמאַ איז אונמעגליך.

אידען האָבען דאָס רעכט צו וואָהנען נור אין שטעדט און שטעדטע־לעך (מעסטעטשקעס) פֿון פּופֿצעהן גובערניעס און אין גאַנץ פּוילען; אין דאָרף טאָרען זיי אפילו ניט וואָהנען אין דער טשערטאַ פֿון די פּופֿצעהן גובערניעס. פֿינלאַנד, די גאַנצע פּראָווינץ „דאָן“ (אָב־לאַסט וואָיסקאַ דאָנסקאָוואָ), און די פּראָווינצען „טער“ און „קובאַן“ (אין צפון קאַווקאַז) זיינען פֿאַר אַלע אידען אָהן אויסנאַהמען פֿערשלאָסען. דער געזעץ מאַכט אויסנאַהמען פֿאַר סוחרים I־טער גילדע, פֿאַר מענשען, וועלכע האָבען געענדיגט אוניווערסיטעט, אָדער אינזשע־נערען, אַפּטעקאַרעס א. ז. וו. און פֿאַר בעלי־מלאכות. עטליכע חדשים אין יאָהר מעגען וואָהנען אויסער דער טשערטאַ סוחרים אפילו פֿון דער II־טער גילדע. דאָס פֿערשטעהט זיך, אַז די פּריווילעגיעס, וועל־כע די אויסנאַהמס געזעצען מאַכען פֿאַר רייכע און געבילדעטע פֿון איין זייט און פֿאַר בעלי־מלאכות פֿון דער אַנדער זייט, זיינען ניט גלייך. די רייכע און געבילדעטע קענען זיך בעזעצען, וואו זיי ווילען (אַ חוץ פֿינ־לאַנד, דאָן, טער און קובאַן); פֿאַר די בעלי מלאכות איז נאָך אַ חוץ דעם פֿערשלאָסען סיביר. בענוצען זיך מיט׳ן רעכט זיך צו בעזעצען אויסער דער טשערטאַ איז פֿאַר אַ בעל מלאכה כמעט אונמעגליך: ער מוז האָבען אַ סווידיעטעלסטוואָ פֿין צעך, ער מוז האָבען אַ סווידיע־טעלסטוואָ פֿון דער פּאָליציי וועגען „גוטער אויפֿפֿיהרונג“, קומט ער אין טיעף־רוסלאַנד, געפֿינט ער זיך, ווי אַ פֿערברעכער, אונטער דער אויפֿ־זיכט פֿון דער פּאָליציי (אַזוי בעשטימט דער געזעץ); זאָל איהם אַ גאָ־ראָדאָוואָי איינמאָל טרעפֿען ניט ביי דער אַרבייט, קען מען איהם אַרויס־שיקען; צושרייבען זיך צו דעם אָרט, וואו ער בעזעצט זיך, קען ער ניט; ער מוז בעקומען אַ פּאַספּאָרט פֿין דעם אָרט, וואו ער איז געבאָרען; איז ער אַ זייגער־מאַכער, טאָר ער זייגערס, קייטלעך א ז.וו. ניט פֿערקויפֿען אין זיין געשעפֿט; איז ער אַ שוסטער, טאָר ער אפילו מיט קיין לעדער ניט האַנדלען, אַ שניידער טאָר אין זיין געשעפֿט קיין קנעפּלעך ניט פֿערקויפֿען, מיט איין וואָרט. יעדער בעל מלאכה מעג פֿערקויפֿען נור דאָס, וואָס ער מאַכט מיט די אייגענע הענד, אַלע דיעזע בעשטימונגען וואַרפֿען אַריין דעם בעל־מלאכה אין די הענד פֿון דער פּאָליציי, וועלכע זויגט פֿון איהם זיין בלוט, נעהמט ביי איהם שוחד אויף יעדען טריט. איבער דאָס אַלץ איז ליכט צו פֿערשטעהען, פֿאַר וואָס אידישע בעלי־מלאכות בענוצען זיך כמעט ניט מיט זייער רעכט

אַרויסצופֿאָהרען פֿון דער טשערטאַ. דאָ פּאַסט נאָך צו דערמאָנען, אַז די רעגירונג האָט איצטער אויסגעאַרבייט אַ פּראָיעקט פֿון אַ געזעץ, וועלכער שאַפֿט אָב די פּאַספּאָרטען אין רוסלאַנד, פּאַספּאָרטען וועלען דאַרפֿען האָבען נור פֿערברעכער אין...אידען. אונזער פֿאָדערונג וועגען וואָהנרעכט איז קלאָר: אַלע אידען אָן אין אויסנאַהם מוזען האָבען דאָס רעכט, גלייך מיט אַלע איבריגע בירגער, צו וואָהנען און צו בעזעצען זיך, וואו זיי ווילען אין גאַנץ רוסלאַנד.

## ב) די בעגרענצונגען אין פֿאַבריקאַציע, מלאכה און האַנדעל.

דיזע בעגרענצונגען — דאָס איז די צווייטע וויכטיגסטע אורזאַכע פֿון דער אידישער אָרעמקייט. אידען האָבען ניט דאָס רעכט צו קויפֿען אָדער נעהמען אין אַרענדע ערד, וועלכע ליגט אויסערן שטאָדט; צעהנ-דליג טויזענדע מענשע, וועלכע וואָלטען געקענט ערנעהרען זיך דורך ערד-אַרבייט, דירך אַרענדע פֿון גערטנער און סאָדען, מוזען אַרומגעהן אָהן אַרבייט און אָהן ברויט אין שטאָדט. אָבער נאָך וויכטיגער איז דיזע בעגרענצונג אין דעם פּרט, וואָס דורך דעם קען זיך פֿאַבריקאַציע, מלאכה און האַנדעל ביי אידען ניט ענטוויקלען. ווייל איבער געוויסע אורזאַכען מוז מען פֿאַבריקען און זאַוואָדען על פּי רוב בויען אונטערן שטאָדט, אויפֿן לאַנד, וואו די אידען טאָרען זיך ניט בעזעצען. עס עקזיסטירען נאָך שווערע בעגרענצונגען פֿאַר אידען בנוגע צו זאַוואָדען, וועלכע טרייבען ספּירט; מיט אַ יאָהר 20 צוריק האָבען אַרום דיזען מסחור געלעבט טויזענדע אידישע געזינדען, איצטער האָבען די אידען צו דעם קיין צוטריט ניט. עס זיינען נאָך דאָ געוויסע בעגרענצונגען פֿאַר אידען אין דעם בערג-מסחור (די גרובען, וואו מען גראָבט שטיינ-קאָהלען, מעטאַלען, גאָלד), אין דעם מסחור מיט נעפֿט (אויף קאַווקאַז), אין אַנטיילנעהמען אין אַקצ אָנערע קאָמפּאַניעס. — מיר פֿאָדערען: אַלע אידען האָבען דאָס רעכט צו בעשעפֿטיגען זיך מיט וואָס זיי ווילען.

אין די פֿאָריגע קאַפּיטלען, בעת מיר האָבען גערעדט וועגען דער בויערן-פֿראַגע, האָבען מיר בפירוש געזאָגט, אַז אויסהיילען די אָרימע שוואַכע קליין בורזשואַזיע איז אין היינטיגער געזעלשאַפֿט אונמעגליך; מיר האָבען אויפֿגעוויזען, אַז דער סאָציאַליזם, וועלכער געהערט צו דער לעבענס אייפֿגאַבע פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט, וועט בעפֿרייען און בעגלי-קען אַלע עקספּלואַטירטע, אַלע ליידענדע. וואָס מיר האָבען דאָרט גע-זאָגט וועגען, די בויערן איז ריכטיג וועגען די אידישע קרעמערלעך, מעקלער א. ז. וו. מיר ווילען זיי ניט איינריידען, אַז דורך אונזערע איצ-טיגע פֿאָדערונגען (גלייכבערעכטיגונג) וועלען זיי אַריין אין גן-עדן, אַז די אָבשאַפֿונג פֿון די אויסנאַהמס-געזעצען וועט זיי מאַכען פֿאַר גליקלי-כע מענשען. מיר זאָגען, אַז פּאָליטישע און בירגערליכע פֿרייהייט, אַז אַלגעמיין דעמאָקראַטישע רעפֿאָרמען און אָבשאַפֿונג פֿון די שענדליכע אייסנאַהמס-געזעצען פֿאַר אידען, וועט נאָר גרינגער מאַכען דאָס לעבען. די בויערן וועלען ווערען רייכער, די פֿאָדערונג אויף גוטע בעלי-מלאכות, אויף סחירות וועט ווערען גרעסער, דער האַנדעל וועט אויפֿ-בליהען, די שטייערן וועלען ניט אַרויסזויגען דעם מאַרך פֿון די ביינער, די דערנעהרער וועלען ניט אָבגעריסען ווערען אויף עטליכע יאָהר אין די קאַזאַרמעס א. ז. וו.; וועלען די אידען געניסען אַלע דיזע רעפֿאָרמען גלייך מיט דער אַרומיגער בעפֿעלקערונג, וועט זיך זייער עקאָנאָמישע לאַגע אויך אויפֿהויבען. אונזער סאָציאַליסטישער אידעאַל, אונזער מאַרק-סיסטישע קריטיק פֿערהיטען אונז פֿון שווינדעל. מיר קענען ניט צוזאָגען

דער קליין-בורזשואַזיע, אַז אין דער איצטיגער געזעלשאַפט קען זי ראַדיקאַל געהיילט ווערען. און אַקוראַט ווי מיר האָבען די בייערן מסרה געווען, אַז זיי זאָלען ניט גלויבען אין נאַציאָנאַליזאַציע, סאָציאַליזאַציע א. ז. וו., אַז דאָס אַלץ איז הוילער שווינדעל, אַזוי מוזען מיר אויך מסרה זיין די אידישע קליין-בורזשואַזיע; עס וועלען זיך געפינען (זיי זיינען שוין דאָ) „פאָלקס-פריינד", וועלכע וועלען דרשה'נען וועגען אַלגעמיינע פאָלקס-אינטערעסען און וועלען מיינען דערמיט די אינטערעסען פון דער רייכער בורזשואַזיע, זיי וועלען פערגיסען הייסע טרערען אויף ציון און וועלען אויסען זיין דערמיט אָבצוהאַלטען דאָ (ווי זיי זאָגען: אין גלות) געוויסע טיילען פון דער קליין-בורזשואַזיע, זיי זאָלען ניט אָבגעבען שטימען פאַר סאָציאַלדעמאָקראַטען, זיי וועלען שרייען אויף אַלע גאַסען וועגען אידישער קולטור, כדי אָבצוהאַלטען די ברייטע פאָלקסמאַסען פון אויראָפּעאישער בילדונג. דייטשע און פראַנצויזישע דעמאַגאָגען *) שלעפּען נאָך זיך אַ טייל פון דער קליין-בורזשואַזיע, האַלטענדיג אין האַנד די שמוציגע פאָהן: „אַנטיסעמיטיזם", אָדער „קריסטליכער סאָציאַליזם", אידישע דעמאַגאָגעלעך וועלען אויך קומען מיט נאַציאָנאַלע אידעאַלען, מיט אַ „אידישען (ציוניסטישען) סאָציאַליזם", מיט אַ „אידישען דעמאָקראַטיזם" א. ז. וו. מיר, אידישע סאָציאַלדעמאָקראַטען, קענען נאָר זאָגען צו דער קליין-בורזשואַזיע: זעהט! היט אייערע פרייהייטען, אייערע רעכטען! די העררען דעמאַגאָגען ווילען נאָר אייך איינשלעפערען, כדי צו בעפעסטיגען די לאַגע פון דער בורזשואַזיע אויף די קאָסטען פון די ברייטע פאָלקסמאַסען; אינזער פּראָגראַם קען פיעל גרינגער מאַכען אייער לעבען, אינזער רעוואָלוציאָנערער קאַמפף איז אַ גוטע בעוואָרענעש (גאַראַנטיע), אַז מיר וועלען אונזער פּראָגראַם פערווירקליכען, דערפאַר שטיצט אונטער די סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד בכלל, און די אידישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע — דעם „בונד" — בפרט.

## ג). ספּעציעלע אידישע שטייערן.

די רוסישע געזעצען וועגען אידען ווידערשפּרעכען זיך אָפט, צו יעדען געזעץ זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען צעהנדליגע היכפּית (בייאַגען) דורך די מיניסטאָרען, צעהנדליגע פּירושים און ערקלערונגען פון דעם סענאַט; דורך דעם פאַלען אַריין די אידען אין דער טשערטאַ און אויסער דער טשערטאַ אין די הענד פון דער פּאָליציי, פון די בעאַמטע אין די אופּראַוועס, וועלכע קענען אויסלייגען יעדען געזעץ, ווי זיי ווילען. די פּאָליציסטען און די בעאַמטען, וואָס האָבען צוטהאָן מיט אידען, שעפּען גאָלד, ווערען רייך פון די אידישע רובלס און קאָפּיקעס. מיר קענען דאָס אָנרופען: „אַ שטייער אויף רעכטסלאָזיגקייט". וואָלטען די אידען ניט געווען אַזוי רעכטסלאָז, וואָלטען זיי ניט געדאַרפט געבען כאַבאַר מעהר, איידער דאָס טהוט די איבריגע בעפעלקערונג אין רוסלאַנד. **) אָבער מיר ווילען ניט אַפילו ריידען וועגען דעם „איינגע-

---

*) דעמאַגאָג רופט זיך אַ מענש, וועלכער פיהרט נאָך זיך אונוויסענדע פאָלקסמאַסען, אויסנוצענדיג זיי אויף פאַלשע אידעאַלען, צוזאָגענדיג הבטחות, וועלכע קענען ניט ערפיהלט ווערען, און נאָכגעבענדיג דער מאַסע אין איהרע ניעדעריגע אינסטינקטען.

**) עס פערשטעהט זיך, אַז אין אַ פרייער מדינה ווייס מען איבערהויפּט ניט, וואָס איז דאָס „שוחד-געבען".

זעצליכען" שטייער, מיר ווילעןריידען וועגען די „געזעצליכע אידישע שטייערן": 1) קאָראָבקע אויף כשר'ע פֿלייש און 2) סיועטשנאָי סבאָר.

יעדערער ווייס, אַז כשר'ע פֿלייש איז 2 מאָל אַזוי טייער, איידער טריפֿה ביי דעם זעלבען קצב אין דער זעלבער יאַטקע. דער קצב מוז נעהמען טייערער, ווייל ער צאָהלט פֿאַר כשר'ע פֿלייש קאָראָבקע. וואָס פֿאַר אַ מאַסע פֿון אונגערעכטיגקייטען, פֿון גזילה און רציחה איז פֿער־בונדען מיט דעם פֿערפֿלוכטען וואָרט: „קאָראָבקע"! ערשטענס, קאָראָבקע פֿיהרט דערצו, אַז ניט רייכע מענשען קענען זיך ניט פֿערגינען קייפֿען פֿלייש; וואָלט קיין קאָראָבקע ניט געווען, וואָלט מען פֿאַר די געלד, וואָס מען צאָהלט אָב פֿאַר אַ האַלב פֿונד פֿלייש, בעקומען אַ גאַנצען פֿונד, און איצטער, אַז פֿלייש איז טייער, קומט אין אַ'ן אָרימע געזינד קיין פֿלייש ניט אַריין פֿון שבת ביז שבת. צווייטענס, מיר פראָטעסטירען איבערהויפט געגען אונדירעקטע שטייערן; דער רייכער איד עסט ניט אויף 100 מאַהל מעהר פֿלייש, אויב ער איז 100 מאָל רייכער פֿאַר דעם אָרימאַן. דריטענס, מיר פראָטעסטירען געגען אַ ספעציעל אידישען שטייער! די אידען צאָהלען שטייערן און פּאָשלינעס גלייך מיט אַלע איבריגע אַיינוואָהנער פֿון רוסלאַנד, דאַרפֿען זייערע הצטרכות בעדעקט ווערען מיט די געלד פֿון דער מלוכה און ניט אויף די אידען אַרויפֿלייגען ספעציעלע שטייערן. פֿירטענס, די קאָראָבקע-געלד געהט גאָר ניט אַוועק ספעציעל אויף די אידישע ענינים; קאָראָבקע-געלד געהט אַוועק צום גרעסטען טייל אויף בויען און אויסהאַלטען די באָד אין שטאָדט, אויף ברוקירען די גאַסען, אויף אינטערשטיצען די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע (פֿייער ווערה), אויף נאַגראַדעס דער פּאָליציי און די בעאַמטען אין דער אופראַווע, אויף גימנאַזיעס און קאָמערץ-שולען, אויף אָנפֿילען די לע־בעדיגע קעשענעס פֿון אַ חברה שטאָדט-מוסרים און שטאָדט שתדלנים; דאָס, וואָס בלייבט, ווערט אָבגעשיקט אין מלוכה בענק (גאָסודאַר־סטווענאיאַ באַנק), דאָרט האָבען זיך אָנגעקליבען מיליאָנען אידישע געלד, און קיינער ווייס ניט, וואו די געלד קומט אַהין.

דער סוועטשנאָי סבאָר איז אַיינגעפֿיהרט געוואָרען אין 1844 יאָהר און פֿלעגט זיך אויפֿמאָהנען פֿון די ליכט, וועלכע יעדע אידענע בענטשט פֿרייטאָג פֿאַר נאַכט; אויף אַזאַ אופֿן איז דאָס אייך געווען אַ'ן אונדירעקטע שטייער; אָבער דער אונרעכט, די גזילה איז געווען צו גרויס, און די רעגירונג האָט דערפֿאַר אין 1855 יאָהר איבערגעמאַכט די אונדירעקטע שטייער אין אַ דירעקטע; עס איז נאָר געבליבען דער אַלטער נאָמען. אַלע יאָהר דאַרף צונויפֿגעקליבען ווערען פֿון דער אידישער בעפֿעלקע־רונג 230 טויזענד רובל, אין מיניסטעריום פֿון אינערען ווערען די 230 טויזענד רובל פֿאַנאַנדערגעלייגט אויף די אידישע קהלות; און יעדע אופראַווע בעזונדער מאַכט שוין אַ „ראַסקלאַדקע" (לעגט פֿאַנאַנדער) ביי זיך; אַז אַ איד, עלטער אַלס 18 יאָהר, נעהמט אַרויס אַ פּאַספּאָרט מאָנט מען ביי איהם געוועהנליך אויף דעם סוועטשנאָי סבאָר, אָדער מען מאָהנט אויף די געלד אויף אַ'ן אַנדער אופֿן; עס איז גרינג צו פערשטעהן, אַז די אופראַווע, וועלכע בעשטימט, וויפֿיעל יעדער איד דאַרף בעצאָהלען, און פֿרעגט ביי קיינעם ניט אָן, ווי צו בעשטימען, לעגט פֿאַנאַנדער די שטייער גיט מיט צו פֿיעל יושר. די געלד געהט אַוועק אויף אויסהאַלטען די אידישע פֿאָלקס-שולען. צוליעב דעם זעלבען צוועק איז אַיינגעפֿיהרט געוואָרען נאָך אַ שטייער — אויף דרוק מאַשי־נען: דער, וואָס האָט אַ אידישע דרוקעריי, מוז צאָהלען 240 רובל אַ יאָהר פֿאַר אַ גרייסע מאַשין און 120 רובל פֿאַר אַ קליינע. וועגען דיזע שטייערן קענען מיר זאָגען דאָס זעלבע, ווי וועגען קאָראָבקע: די אידען צאָהלען דער מלוכה אַלגעמיינע שטייערן גלייך מיט אַלעמען און

דערפֿאַר דאַרף די מלוכה געבען געלד אויף זייערע הצטרכות, אויף פֿאָלקס-שולען. קיינע ספּעציעל אידישע שטייערן דאַרפֿען ניט עקסיסטירען.

## ד). אויסנאַהמס-געזעצען וועגען בילדונג פֿון אידען.

וועגען פֿאָלקס בילדונג, ווי מען דאַרף איהר אָרגאַניזירען, וועלען מיר ריידען אין דעם פֿאָלגענדען קאַפּיטעל; דאָ ווילען מיר זיך ניט אָב-שטעלען אויף די איצטיגע בעגרענצונגען. מיר האָבען איצטער אין רוס-לאַנד: 1) חדרים, וואו די קינדער לערנען זיך אויס לעזען העברעיש, וואו זיי לערנען תנ"ך, גמרא. 2) אידישע פֿאָלקס-שולען, וועלכע ווערען אויסגעהאַלטען אויף די הכנסה פֿון סוועטשנאָי סבאָר; די קינדער לער-נען דאָרטען די רוסישע שפּראַך, עטוואָס רעכענען און אייניגע, וויניגע קענטניסע וועגען דער נאַטור; 3) אידישע קינדער לערנען זיך צום טייל אין אַלגעמיינע שולען (שטאָדט שולען, גימנאַזיעס, רעאַל-שולען א. ז. וו.) וועגען חדרים איז ניטאָ, וואָס צו ריידען; די קינדער ערהאַלטען דאָרט ניט קיין אייראָפּעאישע בילדונג. די אידישע פֿאָלקס-שולען זיינען שלעכט אָרגאַניזירט (ווי אַלע שולען אין רוסלאַנד), די רעגירונג זאָרגט דורך איהרע אינספּעקטאָרען, אַז די צייט זאָל אַוועקגעהען אין זינגען, אין לע-זען פּאַטריאָטישע געשיכטען, און אויף נוצליכע קענטניסען זאָל בלייבען וואָס וועניגער צייט. ווייטער זיינען דיזע שולען וועניג וואו פֿאַרהאַנדען, ווייל די רעגירונג האָט זעהר אַ קליינעם חשק צו ערלויבען עפֿענען שולען. אין די אַלגעמיינע שולען ווערען אידען אָנגענומען נור אין אַ געוויסען פּראָצענט; 10 פּראָצענט אין דער טשערטאַ, 5 פּראָצ. אויסער דער טשערטאַ, 3 פּראָצ. אין פּעטערבורג און מאָסקווע.

דער פּועל יוצא פֿון אַלע דיזע בעגרענצונגען איז דער, אַז די אידישע בעפֿעלקערונג קען ניט בעפֿרידיגען איהר דורסט צו וויסענשאַפֿט און קענטניסען; אַ גרויסער טייל מוז זיך לערנען פּריוואַט, אָבער דאָס קענען ניט פֿיעלע דערגרייכען; די רעגירונג דאַרף זאָרגען אַז יעדער זאָל זיך קענען לערנען, און דער וועג צו בילדונג זאָל ניט זיין פֿער-שפּאַרט פֿאַר מיליאָנען מענשען.

מיר ווילען דאָ מאַכען אַ קליינע בעמערקונג. מען קען אונז אפשר זאָגען, אַז דעם אידישען פּראָלעטאַריער איז בכלל קיין דאגה ניט, וואָס מען לאָזט ניט אַריין די אידישע קינדער אין גימנאַזיעס און אוניווערזי-טעטען; אָרעמע קינדער האָבען דאָך סיי ווי סיי קיין מעגליכקייט ניט צו לערנען זיך דאָרט, העכסטענס נור איינער פֿון טויזענד פּראָלעטאַרישע קינדער קען אַהין אָנקומען. דאָס איז אָבער פֿאַלש. ערשטענס, איז פֿאַר'ן יודישען פּראָלעטאַריער אויך נויטיג צו האָבען גוטע דאָקטוירים לעהרער, יוריסטען, אינזשענערען און ז. וו. צווייטענס — און דאָס איז בעזונדערס וויכטיג — איז דער פּראָלעטאַריאַט בכלל און, פֿערשטעהט זיך, אויך דער יודישער, העכסט פֿעראינטערעסירט, אַז עס זאָל זיך אויסבילדען אַ אינטעליגענץ, וואָס זאָל איהם קענען העלפֿען אין זיין קלאַסען-קאַמפּף. און דריטענס, דאַרף דער יודישער פּראָליעטאַריאַט, ווי יעדער אַנדערער פּראָלעטאַריאַט, ענערגיש אַרויסטרעטען געגען יעדערליי בעגרענצונגען און אויסנאַהמען, וואו זיי זאָלען ניט פֿאָרקומען און ווען זיי זאָלען ניט בעריהרען.

רעדענדיג וועגען אויסנאַהמס-געזעצען בנוגע צו בילדונג, איז נאָך וויכטיג דערמאָהנען, אַז די רעגירונג דורך איהר צענזור ערלויבט ניט אַרויסצוגעבען אויף אידיש אָפֿט אַזעלכע ביכער, וועלכע זיינען אויף רוסיש ערלויבט; אַז אין דעם נייעם פּראָיעקט וועגען צענזור, זאָל (ווי די צייטונגען האָבען מודיע געווען) די צענזור אָבגעשאַפֿט ווערען, זי

זאָל נאָר בלייבען פאַר ציימונגען, וועלכע ווערען געדרוקט אויף אידיש. די אַלע שענדליכע אויסנאַהמען און שענדליכע פראָיעקטען וועלען בע-גראָבען ווערען צוזאַמען מיט דער רעגירונג, וועלכע האָט זיי אויסגע אַרבייט, אויב... אויב מיר וועלען נור ענערגיש פיהרען אונזער קאַמפף געגען דיזע אויסנאַהמען.

## ה) בעגרענצונגען אין דעם רעכט צו פערנעהמען שטעלען ביי מיליטער, אין דער ציוויל-פערוואַלטונג און אין דער אָרטס פערוואַלטונג.

אידען קענען נור זיין איינפאַכע סאָלדאַטען (אין אויך ניט אין אַלע סאָרטען מיליטער, למשל, ניט אין אינטענדאַנטסוועס, אין גאַרניזאָן, אין קאַנצעליאַריעס, וואו דער דינסט איז לפי ערך לייכט), אָבער ניט פער-נעהמען העכערע שטעלען, ווי פעלדפעבעל, אָפיציער, קאַפיטאַן, גענע-ראַל א. ז. וו. אין דער ציוויל פערוואַלטונג (פאָליציי, קאַנאַטשייסטוואָ, אַקציז-פערוואַלטונג, געריכט, אייזענבאַהנען א. ז וו.) קענען דיענען נאָך ן געזעין נאָך נור אַזעלכע אידען, וועלכע האָבען געענדיגט אַ העכערע שוהלע מיט אַ אויסצייכנונג; נור אפילו אַזעלכע ווערען איך ניט אָנגענומען; אין גאַנץ רוסלאַנד זיינען אפשר דאָ צוויי צעהנדליג אידי-שע בעאַמטע. און דאָ שטעלט זיך אַרויס די וויכטיגע פראַגע: געהערט דאָס צו די פאָדערונגען פון דעם אידישען פראָלעטאַריאַט, אַז אַ איד זאָל מעגען זיין אַ פאָליציימייסטער, אַ פראָקוראָר, וואָס פאָדערט האַר-טע שטראָפען פאַר שטרייקענדע אַרבייטער, אַ אָפיציר, אַ גענעראַל? קינדער פון די אַרבייטער אין ברייטע פאָלקס-מאַסע וועלען זיך דערצו סיי ווי סיי ניט דערדיענען, און אויב, אַז יע, איז דאָס פאַר אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישען פראָלעטאַריער אַ קליינע עהרע צו דיענען ביי דער רע-גירונג. מיר מוזען אָבער דאָך אַרויסשטעלען דיזע פאָדערונג, ווייל מיר ווי-לען ניט דערלאָזען קיינע אויסנאַהמס געזעצען געגען אידען. אויב עס וואָלט אפילו געווען מעגליך, אַז אידען זאָלען בעקומען גלייכע רעכטען אין אַלע פרטים נור מיט דער איינציגער אויסנאַהמע, אַז אידען טאָרען למשל, קיינע גענעראַלען אָדער מיניסטאָרען ניט זיין, אָדער אַ פרעזידענט פון דער רעפובליק, וואָלטען מיר דאַן אויך געמוזט פראָטעסטירען; אַזאַ אויסנאַהמע וואָלט דאָך אַרויפלייגען אויף יעדען אידען — אויף דעם אידישען פראָלעטאַריער אויך — אַ שענדליכען שטעמפעל; די אַרומיגע בעפעלקערונג וועט דאָך זעהן אין די אידען „פרעמדע", שעד-ליכע מענשען, וועלכע מען דאַרף בעגרענצען, בעוואַכען, ניט צולאָזען צו הויכע שטעלען א. ז. וו. פון דער אַנדער זייט איז דאָס אַ סימן, אַז געוויסע רעגירונגס צווייגען זיינען אָבגעזונדערט און אָבגעשלאָסען פון דער איבריגער בעפעלקערונג, אַז דאָרטען הערשען רעאַקציאָנערע אַנ-זיכטען, אויב אַהין ווערען קיין אידען ניט צוגעלאָזען; מיר זעהען דאָס אין דייטשלאַנד, וואו די אידען האָבען אַלע רעכטען און דאָך ווערען זיי צו אָפיציר-שטעלען ניט צוגעלאָזען; אין דייטשען מיליטער הערשט דער רעאַקציאָנערער אַדעל און די דייטשע אָפיצירען זיינען די גרעסטע פיינד פון דער קאָנסטיטוציע און פון די פאָלקס פרייהייטען. מיר דאַר-פען איך ניט פערגעסען פאָלגענדעס: אויב די רעגירונג (מיר ריידען וועגען דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונג אין פרייען רוסלאַנד) וועט וואַ-גען איינצופיהרען אויסנאַהמען פאַר די רייכע אידען (נור זיי קענען דאָך פערנעהמען הויכע שטעלען), היינט ווי וועט זי זיך שוין בעגעהן מיט

אידישע אַרבייטער, מיט אידישע גיט רייבע מענשען? צוליעב דיזע אַלע טעמים שטעלען מיר אַרויס די פֿאָדערונג: קיינע אויסנאַהמען פֿאַר אידען; אַלע שטעלען, אפילו די העכערע, קענען זיין פֿערנומען פֿון יעדען בירגער, צו וועלכער נאַציאָן ער זאָל ניט געהערען.

די בעגרענצונגען, וועלכע עקסיסטירען פֿאַר אידען אין דער אָרטס פֿערוואַלטונג, פֿיהלט שוין דער אידישער פּראָלעטאַריאַט דירעקט אויף זיין אייגענעם לייב. אידען האָבען גיט קיין אַקטיווען און ניט קיין פּאַסיווען וואַהלרעכט צו די זעמסטווס. דאָס זעלבע אין די שטאָדט פֿערוואַלטונג (מאַגיסטראַט, דומע) מיט דעם אונטערשיעד, וואָס דער גובערנאַטאָר בעשטימט אַהין עטליכע אידישע „גלאַסנע", נור געצעהלטע מענשען. עס פֿערשטעהט זיך, אַז דער גובערנאַטאָר קלייבט אויס רייכע און „בלאַגאָנאַדיעזשני" אידען. אידישע דעפּוטאַטען דאַרף ניט זיין מעהר, איידער אַ צעהנטעל פֿון די קריסטליכע דעפּוטאַטען. אין די צעהן פּראָצענט אידען קענען זיין נור גלאַסנע אין דער דומע, אָבער אין אופּראַווע, וועלכע פֿיהרט די געשעפֿטען פֿון שטאָדט (דומע און אופּראַווע קען מען פֿערגלייכען מיט פּאַרלאַמענט און רעגירונג) טאָר זיך קיין איינציגער איד ניט געפֿינען.

די אויסנאַהמען פֿאַר די אידען בנוגע צו דער אָרטס פֿערוואַלטונג האָבען נאָך מעהר קיין שום זינען ניט דערפֿאַר, וואָס אין די שטעדט פֿון דער טשערטאַ, וואו די בעפֿעלקערונג בעשטעהט אָפֿט פֿון אַכציג פּראָצענט אידען, איז שווער צו געפֿינען צווישען דער קריסטליכער בעקערונג די נויטיגע צאָהל דעפּוטאַטען.

דאָ איז נאָך כדאי צו דערמאָהנען, אַז אידען זיינען בעגרענצט אין זייער רעכט צו זיין געשוואָרענע, צו זיין אַדוואָקאַטען (פּריסיאַזשנע פּאָווערענע) א. ז. וו.



מיר האָבען זיך אין דיזען קאַפּיטעל אָבגעשטעלט נאָר אויף די וויכטיגסטע אויסנאַהמס-געזעצען. אויסרעכענען אַלע וואָלט געווען אונמעגליך. איידער מיר וועלען איבערגעהן צו דעם פֿאָלגענדען קאַפּיטעל, ווילען מיר נאָך אַ מאָל אויף דערויף אָנווייזען, אַז פֿטור ווערען פֿון דיזע אַלע שענדליכע אויסנאַהמס-געזעצען וועלען מיר נאָר דורך אונזער רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף. מיר האָבען שוין דורך אונזער קאַמפּף אויסגעלערענט און וואָס ווייטער וועלען מיר אַלץ מעהר אויסלערנען די אַרומיגע בעפֿעלקערונג צו זעהן אין אונז מענשען גלייך מיט אַלעמען: ניט ערגער און ניט בעסער. מיר זיינען ניט ערגער, און דאָס איז אַ נידערטרעכטיגער בלבול פֿון דער רעגירונג, פֿון סובאָרינס חברה, אַז די אידען זויגען די בלוט פֿון דער אַרומיגער בעפֿעלקערונג, דעריבער מוז מען זיי בעגרענצען, אַז ניט וועט די אַרומיגע בעפֿעלקערונג בדלות ווערען (דאָס איז געווען דער אויסרייד פֿאַר די בעריהמטע אויסנאַהמס-געזעצען פֿון 3-טען מאַי 1882; עס פֿערשטעהט זיך, אַז די רעגירונג האָט דערביי געהאַט גאַניץ אַנדערע פניות, אַזוי ווי ביי אַלע איבעריגע אויסנאַהמס געזעצען פֿאַר אידען), אָבער מיר גיבען זיך ניט אָן צו זיין בעסער פֿאַר אַלעמען; מיר זאָגען ניט צו, אַז מיר וועלען ברייגגען נוצען דער אַרומיגער בעפֿעלקערונג, און דערפֿאַר זאָל מען אונז געבען גלייכע רעכטען (אַ'ן אַלטע און אימער נייע ליעדעלע פֿון דער אידישער בורזשואַזיע); מיר וועלען שוין במילא בריינגען נוצען דער אַרו-

מיגער בעפֿעלקערונג, דער גאַנצער מדינה, אויב מיר ווילען זיין פֿרייע מענשען, אַקוראַט ווי יעדער בירגער ברייגגט דורך זיין אַרבייט נוצען זיין פֿאָטערלאַנד, — מיר פֿאָדערען גלייכע רעכטען, ווייל מיר זיינען גלייכע מענשען מיט אַלעמען — ניט ערגער און ניט בעסער.

מיר מוזען דורך אונזער אייגענעם אין זעלבסטשטענדיגען קאַמפף אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך די שענדליכע אויסנאַהמס-געזעצען, נאָר דאַן וועט אונזער גלייכבערעכטיגונג האָבען אַ קיום. מיר קענען זעהן אין מערב-אייראָפּא, וואו די קאָנסטיטוציעס האָבען געשענקט די אידען גלייכע רעכטען, אַז גאַנץ אָפֿט דערמאָהנט מען זיי דאָרט, אַז זיי זיינען נאָך קנעכט, און ניט קיין פֿרייע מענשען, אַ חוץ דעם, וואָס די גלייכבערעכטיגונג איז דאָרט אַ געשענקטע, קומט נאָך צו דאָס, וואָס אין דאָס רוב לענדער פֿון מעריב-אייראָפּא איז ניטאָ כמעט קיין אידישער פּראָלעטאַריאַט; דאָרט זיינען ניטאָ קיין אידישע אַרבייטערמאַסען, נאָר אייניגע צעהנדליגע טויזענד אידישע בורזשוען, און ווער קען דאָס ערוואַרטען פֿון אַ בורזשואַ און דערצו נאָך פֿון אַ אידישען, אַז ער זאָל זיך איינשטעלען פֿאַר זיין מענשענווירדע, פֿאַר זיין נאַציאָנאַלע עהרע. און בפרט אַז דער בעגריף: „נאַציאָנאַלע עהרע" איז אַזוי פֿערשיעדען ביי דער בורזשואַזיע און ביי דעם פּראָלעטאַריאַט. די דייטשע בורזשואַזיע, למשל, זעהט איהר נאַציאָנאַלע עהרע אין דעם, אַז די דייטשע אַרמעע און פֿלאָט זאָלען זיין די שטאַרקסטע אין דער וועלט, די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטיע געפֿינט איהר נאַציאָנאַלע עהרע אין דעם, וואָס זי איז די גרעסטע און שטאַרקסטע און אַם בעסטען אָרגאַניזירטע סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרמעע אין דער וועלט. די אידישע בורזשואַזיע זעהט איהר נאַציאָנאַלע עהרע אין דעם, וואָס דער דייטשער קייזער איז בעפֿריינדעט מיט אַ אידישען מיליאָנער (אַלע אידישע בורזשואַזיע ציימונגען לאָזען ניט דורך יעדען מאָל מודיע צו זיין אַלע אידען פֿון דער גאַנצער וועלט, ווען דער דייטשער קייזער איז מקבל פנים אַ אידישען גביר), וואָס „מיר אידען" האָבען אַ „באַראָן" גינזבורג, און מיר אידישע סאָציאַלדעמאָקראַטען, געפֿינען אונזער נאַציאָנאַלע עהרע אין דעם, וואָס דער „זעלבסטשוץ" פֿון „בונד" אין זשיטאָמיר האָט געקעמפֿט ווי לייבען, וואָס די אידישע אָרגאַניזירטע פּראָלעטאַריער טרעטען אַרויס ווי העלדען, די ערשטע אין קאַמפף אויף די באַריקאַדען אין לאָדז און אין אָדעס.

## נאַציאָנאַל-קולטורעלע אווטאָנאָמיע.

ווען אַ בעשטימטע נאַציאָן ווערט אין דער מדינה אונטערדריקט, איז דאָס פֿאַר דעם פּראָלעטאַריאַט פֿון דער אונטערדריקטער נאַציאָן שעדליך אויף 2 אופנים: ערשטענס, דער דרוק, וואָס ליגט אויף דער גאַנצער נאַציאָן, לייגט זיך אַרויף אויף יעדען טייל פֿון דער נאַציאָן אין אויף דעם פּראָלעטאַריאַט נאָך מיט אַ שווערערער משא, איידער אויף די איבעריגע קלאַסען, ווי מיר האָבען דאָס געזעהן אין דעם פֿאָריגען קאַפּיטעל וועגען די אידישע אויסנאַהמס-געזעצען. צווייטענס, איז ביי דעם נאַציאָנאַל אונטערדריקטען פּראָלעטאַריאַט שווער צו ענטוויקלען דעם קלאַסענבעוואוסטזיין. דעם אַרבייטער פֿון אַ'ן אונטערדריקטער נאַציאָן, דוכט זיך, אַז אַלע זיינע צרות קומען אַרויס דערפֿון, וואָס ער איז אַ אִיד, אַ לאָטיש. ער זעהט, אַז דער נאַציאָנאַלער דרוק רופֿט זיך אָב אויף דער בורזשואַזיע אויך און דאָס קען אָבלענקען זיין אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די געגענזעצען צווישען די פֿערשיעדענע קלאַסען, מען קען איהם פֿערפֿיהרען אויף דעם פֿאַלשען וועג פֿון אחדות צווישען פֿערשיעדענע

שיכטען פון דער נאַציאָן. ער זעהט, אַז די פּראָלעטאַריער פון די ניט-אונטערדריקטע נאַציאָנען האָבען ניט דעם צוגאָב פון דעם נאַציאָנאַלען דרוק, דאָס קען אַרויסרופען קנאה און שנאה, שאָוויניסטען און נאַציאָנאַליסטען געפינען אַ גוטען באָדען פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדע וועגען די פערשידענהייט פון די אינטערעסען ביי אידען און קריסטען, דאָס קען אָבשוואַכען דעם סאָלידאַריטעטס-געפיהל, די פריינדשאַפט און ליעב-שאַפט צווישען די פּראָלעטאַריער פון פערשידענע נאַציאָנען, איהר זעהט, די סכנה פאַר דעם קלאַסען-בעוואוסטען פּראָלעטאַריאַט איז גרויס, און מיר מוזען די נאַציאָנאַלע אינטערדריקונג אָבשאַפען, אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

איידער מיר ווילען איבערגעהן צו די מיטלען, מיט וועלכע מיר קענען קעמפפען געגען די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, איז נייטיג צו בעטראַכטען, אין וועלכע פּרטים ווייזט זיך דיזע אונטערדריקונג אַרויס, אויף וועלכען אופן קומט זי פאָר, דאַן ווילען מיר קענען די מיטלען קריטיקירען, אויסקלייבען די בעסטע. די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג ווייזט זיך אַרויס אין עקאָנאָמישען לעבען, אין פּאָליטישען און אין נאַ-ציאָנאַלען אין ענגערען זין פון דאָס וואָרט (ד. ה. אין דער שפּראַך, בילדונג, קולטור א. ז. וו.). די אונטערדריקונג קען פאָרקומען אויף אַלע דיזע דריי געביעטען, אָדער אויף צוויי, אָדער אויף איינעם פון זיי. די פינלענדער למשל ווערען אינטערדריקט פּאָליטיש, און הויבען שוין אָן צו פערזוכען דעם טעם פון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אונטערדרי-קונג; אין עקאָנאָמישער הינזיכט לאָזט מען זיי דערווייל רוהען; די פּוילען, די אידען ווערען אונטערדריקט אויף אַלע דריי געביעטען, די אידען לפי ערך פיעל מעהר איידער די פּוילען א. ז. וו. עס איז לייכט צו זעהען, אַז עס איז פאַראַנען אַ גרויסער אונטערשיעד צווישען דער אינטערדריקונג אין עקאָנאָמיש פּאָליטישען לעבען פון איין זייט און נאַ-ציאָנאַלען פון דער אַנדער זייט. בעשטעהט נאָר פּאָליטישע און ביר-גערליכע פרייהייט און גלייכהייט, קען דאַן די רעגירונג (צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע פון דער שטאַרקערער נאַציאָן) ניט אָנריהרען די פּאָלי-טיש-עקאָנאָמישע אינטערעסען פון איין נאַציאָן, ניט אָנריהרענדיג דער-ביי די אינטערעסען פון אַלע איבעריגע נאַציאָנען, וואָס וואָהנען אויף דער זעלבער טעריטאָריע; דאָס קען נאָר איצטער די רעגירונג פערווער-רען דעם אידען פיהרען אַ געשעפט אין דאָרף, ניט צולאָזען איהם צו קאַזיאָנע פּאָדריאַדען, אָדער פערוועהרען דעם פּאָליאַק צו קויפען ערד אין פּוילען; אין אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק (און אפילו שוין אין אזאַ קאָנסטיטוציאָנעלער האַלב-אַבסאָלוטיסטישער מאָנאַרכיע, ווי פּריי-סען) איז דאָס אונמעגליך. אין אַ פרייער מדינה קען די רעגירונג ניט מאַכען קיין אויסנאַהמען פאַר מיטגליעדער פון בעשטימטע נאַציאָנען; זי קען נאָר דאָס טהאָן: ווענינער זאָרגען וועגען ענטוויקלונג פון פאַב-ריקאַציע און מסחר אין אַ בעשטימטער פּראָווינץ, ניט בויען דאָרטען, — אָדער בויען ווענינער, איידער אין אַנדערע ערטער — קיין אייזענ-באַהנען, קאַנאַלען, איינפיהרען הויכע טאַריפען פאַר איבערפיהרען פון סחורות מיט דער אייזענבאַהן, ניט בויען קיין טעכנישע שולען א. ז. וו. אָבער דערמיט וועט די רעגירונג שעדיגען די אינטערעסען פון דער גאַנ-צער בעפעלקערונג, וועלכע וואָהנט אויף דער טעריטאָריע: וועט זי דאָס טהאָן, למשל אין פּוילען, וועט זי שעדיגען ניט נאָר די פּוילען אַליין, נאָר אויך די רוסען, דייטשען, אידען, וועלכע וואָהנען אין פּוילען.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס מיט די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינטערעסען; ווי קען די רעגירונג שעדיגען, ניט אָנריהרענדיג דערמיט די אינטערעסען

פֿון דער איבריגער בעפֿעלקערונג; זי קען אונטערדריקען די שפּראַך, די קולטור, זי קען פֿיהרען אַ שטאַרקע און שעדליכע אַסימיליאַציאָנס-פּאָליטיק און בעגרענצען די אונטערדריקונג נאָר אויף איין בעשטימטער נאַציאָן, די איבעריגע וועלען דאָס ניט פֿיהלען.

מען קען אונז זאָגען און איניגע זאָגען עס טאַקי—אַז ווי באַלד די מלוכה קען אין דעם פּרט אָנטהאָן אַזוי פֿיעל צרות, איז אפשר גלייכער, אַז זי זאָל זיך דערינען גאָר ניט מישען. אָבער דאָס איז פֿאַלש, מיר קענען ניט זאָגען דער מלוכה: מיש זיך ניט, גיב נאָר פֿרייהייט און גלייכע רעכטען אַלע נאַציאָנען. די מלוכה און די רעגירונג קענען די קולטור ניט בעשאַפֿען, אָבער זיי שפּיעלען זעהר אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם פֿערשפּרייטען פֿון קולטור און בילדונג צווישען דער בעפֿעלקערונג, מיר פֿאָדערען דאָך פֿון דער רעגירונג, זי זאָל עפֿענען פֿאָלקס שולען, אַז אַלע קינדער זאָלען זיך קענען לערנען פֿון 6 ביז 16 יאָהר, זי זאָל זאָרגען פֿאַר געלדמיטלען אויף בילדונג; די רעגירונג גיט אויס יעהרליך מיליאָנען רובל (און וואָס דעמאָקראַטישער די מדינה איז, אַלץ מעהר ווערט אויסגעגעבען) אויף קונסט, אויף מוזיק און מאַלעריי, אויף אונטערשטיצען פּאָעטען, ליטעראַטען א. ז. וו. ווי איהר זעהט, האָט די רעגירונג אין דעם פּרט טאַקי וואָס צו געבען די בירגער, זאַכען, וואָס האָבען אַ ממשות. און ווי באַלד אַז די מלוכה טיילט אויס אַזעלכע וויכטיגע זאַכען צווישען די בירגער, קען זי די שטאַרקערע נאַציאָנען געבען מעהר, און דאָס, וואָס זי גיט שוין די שוואַכערע נאַציאָנען, קען זי אַזוי צו ריכטען, אַז זיי זאָלען האָבען דערפֿון וועניג נוצען און נאָך שאָדען אויך אין צוגאָב.

די פּאָליטיש עקאָנאָמישע און די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינטערעסען זיינען, ווי מיר האָבען געזעהן, זעהר פֿערשיעדען, און די מיטלען, ווי צו פֿערהיטען די אונטערדריקונג אין דיזע אינטערעסען זיינען במילא אויך פֿערשיעדען. אין פּאָליטיש עקאָנאָמישען לעבען קענען מיר די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג אָבשוואַכען ביז צום *קלענסטען* גראַד *), ווען מיר וועלען איינפֿיהרען גלייכבערעכטיגונג, פּאָליטישע און בירגערליכע גלייכע רעכטען פֿאַר אַלע בירגער און בירגערינען, צו וועלכער נאַציאָן זיי זאָלען ניט געהערען, און אַ ברייטע זעלבסטפֿערוואַלטונג פֿאַר די פֿערשיעדענע פּראָווינצען.

פֿאַר די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינטערעסען איז נאָך וועניג צו פֿאָדערען גלייכבערעכטיגונג: וואָס איז די פּעולה, אַז איך וועל האָבען דאָס *רעכט* צו בעקומען בילדונג, צו ענטוויקלען מיינע קינסטלערישע טאַלאַנטען, אויב די מלוכה וועט מיר ניט געבען די *מעגליכקייט*, וואו איך זאָל קענען פֿערווירקליכען מיין רעכט! און די זעלבסטפֿערוואַלטונג פֿון די טעריטאָריען-פּראָווינצען וועט דאָ אויך ניט העלפֿען, וואָרום די נאַציאָנען וואָהנען אין רוסלאַנד אויסגעמישט אונטעראיינאַנדער. וועט

---

*) מיר זאָגען, אַז גלייכבערעכטיגונג וועט נאָר אָבשוואַכען ביז צום קלענסטען גראַד די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג אין עקאָנאָמיש פּאָליטישען לעבען, אָבער וועט איהר ניט אָבשאַפֿען אין גאַנצען. אין דעם קאָנקורענץ-קאַמפּף וועט די בורזשואַזיע פֿון דער גרעסערער און שטאַרקערער נאַציאָן זעהן אויסצונוצען איהר בעסערע לאַגע, אָבער ביי פֿאָלקאָמענער פּאָליטישער פֿרייהייט (דעמאָקראַטישע רעפּובליק) און גלייכהייט קען דאָס אויסגעגליכען ווערען דורך דעם, וואָס די בורזשואַזע פּאַרטייען פֿון די שוואַכערע נאַציאָנען וועלען געטריבען ווערען אין דעם ראַדיקאַלערען לאַגער, ווי למשל די אירלענדער אין דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט, און וועלען דורך פּאָליטישע רעפֿאָרמען בעפֿעסטיגען זייער עקאָנאָמישע לאַגע,

למשל, קאַווקאַז ערהאַלטען אַ גרויסע זעלבסטשטענדיגקייט אין זיין איינענער פֿערוואַלטונג, וועט די זעלבסטפֿערוואַלטונג נאָר גוט בעשיצען די סאָציאַל-עקאָנאָמישע אינטערעסען פֿון דער גאַנצער בעפֿעלקערונג; דאָס וועט אָבער ניט קענען פֿערהיטען, אַז די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינטערעסען זאָלען ניט געשעדיגט ווערען; אַלין, וואס מיר האָבען געזאָגט וועגען דער רעגירונג פֿון גאַנץ רוסלאַנד, ווי זי וועט אונטערדריקען די קולטור פֿון די שוואַכערע נאַציאָנען, דאָס זעלבע קענען מיר אויך זאָגען וועגען דער זעלבסטפֿערוואַלטונג פֿון קאַווקאַז; און דער נאַציאָנאַלער קאמפף וועט זיך אָנהויבען אין דעם קאַווקאַזער פּאַרלאַמענט.

איצט וועלען מיר איבערגעהן צו די מיטלען, ווי צו פֿערהיטען נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג אין קולטורעלען לעבען.

•

## א) יעדע נאַציאָן דאַרף זיין זעלבסטשטענדיג (אויטאָנאָם) אין איהר קולטור־לעבען.

אין אַזאַ מדינה, ווי רוסלאַנד, וואו עס וואָהנען פֿערשיעדענע נאַציאָנען אויסגעמישט אונטער איינאַנדער, דאַרף מען די פּפֿליכטען וועגען פֿערשפּרייטען קולטור (פֿאָלקסבילדונג א. ז. וו.) אַרויסנעהמען פֿון די הענד פֿון דער מלוכה און איבערגעבען יעדער נאַציאָן בעזונדער, זי זאָל ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ג בעזאָרגען איהרע קולטור-אינטערעסען; דאַן וועט ניט מעגליך זיין, אַז די מלוכה זאָל מעהר זאָרגען פֿאַר איין נאַציאָן איידער פֿאַר די אַנדערע, אַז די קולטור פֿון געוויסע נאַציאָנען זאָל אונטערדריקט ווערען. דער פּאַרלאַמענט, די צענטראַל-רעגירונג, די אָרטס-פֿערוואַלטונג און די רעגירונג פֿון בעשטימטע טעריטאָריען — זיי אַלע וועלען זיך בעשעפֿטיגען מיט די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, סאָציאַלע, בירגערליכע, פֿינאַנציעלע א. ז. וו. אינטערעסען פֿון דער בעפֿעלקערונג; נאָר מיט די אינטערעסען, וואָס זיינען שייך צו קולטור, וועלען זיי ניט האָבען וואָס צו טהאָן; וועגען דעם וועט זאָרגען יעדע נאַציאָן בעזונדער און זעלבסטשטענדיג. אויב אין פּאַרלאַמענט וועט זיין די רייד*) וועגען אָבשאַפֿען אַ שטייער אָדער איינפֿיהרען אַ נייע, וועגען שליסען אַ האַנדעלס פֿערטראַג מיט אַ פֿרעמדער מדינה, וועגען בויען אַן אייזענבאַהן אָדער אַ קאַנאַל, וועגען רעפֿאָרמען אין געריכט אָדער מיליטער א. ד. גל., — אין אַזעלכע פּונקטען קען געבען אַ קאַמפף נאָר פֿון קלאַסען-אינטערעסען, אָבער ניט פֿון נאַציאָנאַלע אינטערעסען; די בורזשואַזע דעפּוטאַטען — זיי מעגען זיין רוסען, אידען, פּוילען, אַרמעניער א. ז. וו., וועלען פֿערטיידיגען די אינטערעסען פֿון דער בורזשואַזיע, די סאָציאַלדעמאָקראַטען וועלען פערטיידיגען די אינטערעסען פֿון פּראָלעטאַריאַט. דאָס זעלבע אין די אָרטס פֿערוואַלטונגען: ריינינגען און בעלייכטען די גאַסען, וואַסערלייטונג, שחיטה הייזער, שפּיטאָלען, די זיכערהייט פֿון די בירגער (פּאָליציי) א. ד. גל. — דערינען זיינען ווידער די בירגער פֿעראינטערעסירט אַלס געזעלשאַפֿטליכע קלאַסען און ניט נאַציאָנאַלע גרופּען; בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט, אָבער ניט אידען, רוסען א. ז. וו. וועלען האָבען אין דיזע פּונקטען פֿערשיעדענע פֿאָדערונגען.

זאָלען אָבער די קולטוראינטערעסען אויך בלייבען אין די הענד פֿון דעם פּאַרלאַמענט, וועט זיך גלייך אָנהייבען צרות. ערשטענס, די הער-

*) מיר דערמאָהנען נאָך אַ מאָל, אַז דאָס איז אַלין גערעדט, ווען עס הערשט פּאָליטישע און בירגערליכע פֿרייהייט און גלייכהייט.

שענדע קלאַסען פֿון די שטאַרקע נאַציאָנען וועלען אונטערדריקען די קולטור פֿון די שוואַכערע נאַציאָנען, אין צווייטענס, וועט דאָס מוזען פֿערדונקעלען דעם קלאַסענבעוואוסטזיין פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. די בורזשואַזיע איז ביז אַ געוויסען גראַד פֿעראינטערעסירט אין דער ענטוויקלונג פֿון נאַציאָנאַלער קולטור, דאָס וועט פֿיהרען דערצו, אַז אין פּאַרלאַמענט און אָרטספֿערוואַלטונג וועט זיך אָנהייבען אַ נאַציאָנאַלער קאַמפּף: די בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט פֿון דער שוואַכערער נאַציאָן וועלען מוזען אין איינעם אַרויסטרעטען אַנטקעגען דער בורזשואַזיע פֿון דער שטאַרקערער נאַציאָן, און די אַרבייטער וועלען האָבען דעם אונגליק, אַז דער קאַמפּף, וואָס זיי וועלען פֿיהרען פֿאַר בילדונג און קולטור, וועט בעקומען דאָס אויסזעהען פֿון אַ נאַציאָנאַלען קאַמפּף און ניט פֿון אַ קלאַסען-קאַמפּף. דיזע געפֿאַהר וועט פֿערשווינדען, ווען די קולטור-אינטערעסען וועלען איבערגעגעבען ווערען יעדער נאַציאָן בעזונדער: דער פּאַרלאַמענט און די אָרטס-פֿערוואַלטונגען וועלען בלייבען נור ביי פּאָליטישע און בירגערליכע אינטערעסען, און אַז יעדע נאַציאָן בעזונדער וועט זיך בעשעפֿטיגען מיט איהרע קולטור-אינטערעסען, וועט זיך ערשט ביי איהר אָנהייבען אַ קאַמפּף צווישען בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט (וואָרים דער פּראָלעטאַריאַט פֿאָדערט אַ'ן אַנדער קולטור, איידער די בורזשואַזיע, און וויל זי אַנדערש פֿערשפּרייטען). אַנשטאָט אַ נאַציאָנאַלען קאַמפּף אין פּאַרלאַמענט און אָרטס-פֿערוואַלטונג וועלען מיר האָבען אַ קלאַסענקאַמפּף אין יעדער נאַציאָן בעזונדער: דער קלאַסענבעוואוסטזיין פֿון פּראָלעטאַריאַט וועט נאָך מעהר פֿערשאַרפֿט און ענטוויקעלט ווערען.

## ב). דער פּראָלעטאַריאַט און נאַציאָנאַלע קולטור.

„נאַציאָנאַלע קולטור"—דאָס געהערט צו יענע ווערטער, אין וועלכע יעדער לעגט אַריין אַ'ן אַנדער אינהאַלט, לויט נאָך דעם, צו וואָס פֿאַר אַ קלאַס ער געהערט, וואָס פֿאַר געזעלשאַפֿטליכע אידעאַלען ער האָט פֿאַר אויגען. סאָציאַלדעמאָקראַטען, איז די נאַציאָנאַלע קולטור ניט עטוואָס איבערנאַטירליכעס, פֿון הימעל אַראָבגעפֿאַלענעס, אין וואָלקען איינגעוויקעלטעס; פֿאַר אונז איז זי ניט קיין הייליגטום; דער אַרבייטער-קלאַס האָט איין אידעאַל — דעם סאָציאַליזם, די סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט נור איין אויפֿגאַבע — ענטוויקלען דעם קלאַסענבעוואוסטזיין פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. די ענטוויקלונג פֿון דעם קלאַסענבעוואוסטזיין געהט האַנד אין האַנד מיט דער גייסטליכער ענטוויקלונג פֿון דעם אַרבייטער איבערהויפּט; זיין גייסטיגער בליק ווערט קלאָרער און שאַרפֿער, עס ענטשטעהט ביי איהם אַ הייסער הונגער צו וויסען און קענטניסע, ער וויל פֿערשטעהען די נאַטור און די געזעלשאַפֿט, ער הויבט אָן צו ליעבען ליטעראַטור און מוזיק, טעאַטער און מאַלעריי. די נאַציאָנאַלע קולטור איז אונז טייער ניט, ווייל זי איז נאַציאָנאַל, נור ווייל זי איז קולטור; ניט ווייל זי צייכענט זיך אויס דורך געוויסע נאַציאָנאַלע בעזאָנדערהייטען, נור ווייל זי האָט אַ געוויסען קולטורעלען אינהאַלט. דער אינהאַלט פֿון דער קולטור איז ביי אַלע אייראָפּעאישע פֿעלקער כמעט דערזעלביגער, נור די פֿאָרם איז פֿערשיעדען; זי איז צוגעפּאַסט צו די פֿערשיעדענע נאַטור און געזעלשאַפֿטליכע פֿערהעלטניסע, אין וועלכע יעדע נאַציאָן לעבט; מיר זאָגען ניט, אַז די פֿאָרם, אין וועלכער די אַלגעמיינע קולטור ערשיינט ביי יעדער נאַציאָן, איז הייליג, אַז מען דאַרף זי אייננאַרעגירען, אַז אין איהר זאָל חלילה עטוואָס ניט פֿערענדערט ווערען; אָבער פֿערקעהרט, זאָגען מיר אויך ניט, אַז די נאַציאָנאַלע פֿאָרם פֿון דער קולטור,

למשל ביי די אידען, איז עטוואָס שעדליכעס, אַז מען מוז דיזע פֿאָרם וואָס גיכער אַוועקוואַרפֿען און אָננעהמען אַ׳ן אַנדער פֿאָרם, די רוסישע אָדער די פוילישע; מיר רעכענען גאָר, אַז דאָס איז אַ שעדליכע אוטאָפּיע, אויב מען מיינט, אַז מען קען אַסימילירען אַ פֿאָלק פֿון מיליאָנען מענשען, וואָס נעהמט אַ׳ן ענערגישען אַנטייל אין געזעלשאַפֿטליכען לעבען; דאָס איז מעגליך נור פֿאַר איינצעלנע מענשען, די אסימיליאַציאָנס-פּאָליטיק וועט נור שעדליך ווירקען אויף די ברייטע פֿאָלקסמאַסען: די פֿרעמדע קולטור וועלען זיי ניט אָננעהמען, און די אייגענע וועט זיך ביי זיי ניט ענטוויקלען.

מיר קענען דאָ אָנווייזען אויף איינציגע ביישפּיעלען. וועלכע מיטלען האָט שוין די רוסישע רעגירונג ניט אָנגעווענדעט צו אַסימילירען די אידען, מיט גוטען און מיט בייזען. מען האָט קליינע קינדער גענומען אין די קאַנטאָניסטען-שולען, מען האָט געגעבען פּריווילעגיעס געבילדעטע אידען, אין די פֿאָלקסשולען לערנט מען אַלין אויף רוסיש און די קינדער בעקומען קענטניסע ניר פֿון רוסישען לעבען, פֿון דער רוסישער קולטור, רוסישער געשיכטע און ז. וו. און וואָס איז דער פּועל יוצא? אַסימילירט זיינען געוואָרען ניר איינער פֿון הונדערט, וועלכע האָבען געענדיגט גימנאַזיעס, אוניווערזיטעטען, און די ברייטע מאַסען זיינען אונוויסענד, ווייל מען האָט זיי ניט געלאָזען ענטוויקלען זיך נאָרמאַל, פּראָגרעסירען צוזאַמען מיט דעם פּראָגרעס פֿון זייער נאַציאָנאַלער קולטור. מיר קענען ברענגען נאָך אַ בעסערען ביישפּיעל: די קליינרוסען (מאַלאָרוסען). זיי זיינען נאָך פֿיעל נעהנטער צו די רוסען, איידער מיר אידען, זיי האָבען זיך דאָך געדראַפּט נאָך גיכער אַסימילירען; די אַסימילאַציאָנספּאָליטיק איז ביי זיי געווען די זעלביגע, נאָך שטרענגער אפילו, מען האָט ביז דעם לעצטען יאָהר (און איצטער איז נאָך אויך ניט גאָר גאַנץ ערלויבט) ניט געטאָרט דרוקען ביכער אויף קליין-רוסיש, און דער רעזולטאַט איז דער זעלבער, ווי מיט די אידען. די קליינרוסישע פֿאָלקסמאַסען זיינען קולטורעל צוריקגעבליבען אין פֿערגלייך מיט די קליינרוסען, וועלכע וואָהנען אין עסטרייך (גאַליציען) און האָבען דאָרט נאַציאָנאַלע פֿרייהייט; אַסימילירט האָבען זיך נור איינצעלנע אינטעליגענטען.

## ג) די נאַציאָנאַלע פֿאָלקסשולע.

מיר האָבען געזאָגט, אַז די נאַציאָנאַלע קולטור איז אינז טייער ניט ווייל זי איז נאַציאָנאַל, נור ווייל זי איז קולטור. מיר קענען איצטער נאָך ווייטער געהן און זאָגען: זי איז די איינציגע קולטור פֿאַר די ברייטע פֿאָלקסמאַסען, נור אויף׳ן גרונד פֿון דיזער קולטור קענען זיך די מאַסען ערוועקען בילדונג און זיך גייסטיג ענטוויקלען. די פֿאָלקסמאַסען האָבען ניט די נויטיגע צייט און געלד צו ערלערנען אַ פֿרעמדע קולטור. אַריינדרינגען אין איהר אַזוי ווייט, אַז זי זאָל קענען דיענען פֿאַר זיי אַלס אַ יסוד צו גייסטיגער ענטוויקלונג. מיר האָבען שוין אָנגעוויזען, אַז די פֿאָלקסשול דאַרף זיין אַזוי גוט אָרגאַניזירט, אַז יעדער קינד זאָל, אַרויסגעהענדיג פֿון איהר (אויב ער איז ניט אימשטאַנד צו לערנען זיך אין אַ העכערער שול), קענען זעלבסטשטענדיג פֿאָרטזעצען זיינע למודים, לייענען ווייטער ביכער אין די צווייגען פֿון וויסענשאַפֿט, וועלכע אינטערעסירען איהם. אַ חוץ דעם דאַרף די שול ענטוויקלען ביי די קינדער אַ׳ן אָפֿענעם און אַ פֿרייען בליק, זיי זאָלען קענען זעלבסטשטענדיג און קריטיש פֿאַנאַנדערקלייבען זיך אין דעם אַרומיגען לעבען, זיי זאָלען ליעב האָבען אַלץ, וואָס איז איידעל און שעהן, זיי זאָלען האָבען אַ הויכען

בעגריף פֿון דעם, וואָס איז מענשענווירדע און פֿרייהייט.

דאַרפֿען מיר דען ערקלערען, ווי וויכטיג עס זיינען אַלע דיזע אויפֿגאַבען, וועלכע די פֿאָלקסשולע מוז ערפֿילען? און דאָס דאַרפֿען מיר געדענקען: אַלע דיזע אויפֿגאַבען קען ערפֿילען נור אַ נאַציאָנאַלע פֿאָלקסשולע, אַ שול, וועלכע איז אויסגעוואַקסען אויף דעם פֿעסטען פֿונדאַמענט פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור און איז ניט אַ פֿרעמדער געוויקס, וואָס איז פֿערפֿלאַנצט אויף אַ פֿרעמדען באָדען. מיר ווילען דאָס אַם בעסטען ערקלערען דורך אַ ביישפּיעל; מיר וועלען בעווייזען, וואָס לערנט אַ אידישער קינד אין דער איצטיגער אידישער (קאַזיאָנער) פֿאָלקסשול און וואָס האָט ער דאָרט געדאַרפֿט לערנען. מיר וועלען דאָ ניט ריידען וועגען דעם, וואָס איצטער דויערט דער קורס אין אַ פֿאָלקסשיל פֿון 3 ביז 5 יאָהר און מיר פֿאָדערן פֿון 8 ביז 10 יאָהר, וואָס איצטער איז די שול אָהן געלדמיטלען א. ז. וו. מיר ווילען נאָר ריידען וועגען דער „סיסטעם", וועגען דעם „גייסט", וואָס הערשט אין שול.

קודם כל ווערט אין דער שיל אַלין געלערנט אויף רוסיש; אַ אידישער קינד (מיר ריידען דאָ ניט נור וועגען אידען אַליין, נור מיר נעהמען דאָס אַלס אַ ביישפּיעל) קומט אָן אין שול אין קען נאָך אויף רוסיש ניט ריידען אָדער פֿערשטעהט נור איינינע ווערטער, און נון מוז מען איהם לערנען רעכענען, נאַטורוויסענשאַפֿט, געאָגראַפֿיע, אַלץ אויף רוסיש; די גרעסטע העלפֿט צייט געהט אַוועק פֿערלאָרען, ווייל די קינדער פֿערשטעהען ניט, וואָס דער לעהרער רעדט, ווייל זיי איז שווער אויסצודריקען זייערע געדאַנקען; דער לעהרער זעהט, אַז דאָס קינד פֿערשטעהט די רעכנונג, אַז אויף אידיש וואָלט ער דאָס אין אַ מינוט געזאָגט, אָבער דער לעהרער מוז זיך „דערשלאָגען" פֿון קינד אַ ריכטיגען ענטפֿער אויף רוסיש און דאָס פֿערנעהמט פֿיעל צייט; דער רעזולטאַט איז דער, אַז די קינדער קענען ניט בעקומען פֿיעל קענטניסע און וואָס זיי בעקומען שוין, זיצט ביי זיי ניט שטאַרק אין מוח, זיי האָבען דאָס אַלץ געלערנט אין אַ פֿרעמדער שפּראַך, די בעגריפֿען און די קענטניסען זיינען דערפֿאַר ביי זיי ניט קלאָר; און ענדיגט דאָס קינד די שיל, פֿערגעסט ער אַלץ, וואָס ער האָט געלערנט. אויף דערויף קלאָגען זיך אַלע לעהרער פֿון די קליינרוסישע שולען, פֿון די פּוילישע א. ז. וו. ספּעציעל די לעהרער פֿון די אידישע פֿאָלקסשולען הערט מען ניט, זיי זאָלען זיך קלאָגען, דאָס איז אָבער ניט ווייל זיי האָבען גוטע ערפֿאָלגע מיט דער רוסישער שפּראַך, נאָר ווייל אין דעם לעהרער אינסטיטוט אין ווילנא ווערען זיי אַזוי גרינדליך „בעאַרבייט" און אַסימילירט, אַז ביי זיי קומט גאָר ניט אַרויף אַ געדאַנק, אַז ס'קען און ס'מוז אַנדערש און בעסער זיין.

אָבער דאָס איז נאָך ניט גאָר. די קינדער ערהאַלטען אין דער שיל אַ נאַציאָנאַל-רוסישע ערציהונג: די ביכער, וואָס זיי לייענען, בעשטעהען אויס ערצעהלונגען פֿון דעם רוסישען לעבען, די פּאָעזיע איז די רוסישע, די געשיכטע, וואָס זיי לערנען, איז די געשיכטע פֿון דעם רוסישען פֿאָלק, די לידער, וואָס זיי זינגען, זיינען רוסישע פֿאָלקס-לידער, מיט איין וואָרט—די רוסישע קולטור איינציג און אַליין הערשט אין שיל. אָבער דורך דעם קען די שול ניט ערפֿילען איהר 2-טע, נאָך וויכטיגערע אויפֿגאַבע: אויסלערנען די קינדער קריטיש אַיינצוקוקען זיך אין דעם אַרומיגען לעבען, ליעבען אַלץ, וואָס איז שעהן אין אידעאַל. די שול, וועגען וועלכע מיר האָבען גערעדט, קען דאָס ניט טאָן, וואַרום זי איז אָבגעריסען פֿון דעם אַרומיגען לעבען; ביי זיך אין דער היים, אויף׳ן גאַס, ביי די חברים זעהט דאָס קינד ניט דאָס, וואָס ער האָט אין שיל; די שיל איז פֿאַר איהם עטוואָס אַ פֿרעמדע זאַך; ער פֿערשטעהט ניט די שעהנקייט פֿון דער פּאָ-

עז ע, וואָס מען וויל איהם איבערגעבען; כדי צו זינגען מיט האַרין רוסישע פאָלקסליעדער, האָט ער געדאַרפט אויסוואַקסען אין די ברייטע פעלדער און סטעפּען, און ניט נור דאָס קינד אַליין, נור זיינע עלטערן אין אורעלטערן. אַליין, וואָס די שולע גיט איהם, קומט איהם דערנאָך ניט צינויץ, און וואָס ער דאַרף — האָט ער ניט, די שולע האָט איהם ניט אויסגעלערנט איינצוקוקען זיך מיט אַ פערשטענדיגען בליק אין דעם אידישען לעבען; די אידישע פּאָעזיע, די אידישע פאָלקס-ליעדער, וועלכע זיינען אויסגעוואַקסען אין די שפּעטע ווינטער אָבענדען ביי דעם אָרימען ווערקשטאַט, קען ער ניט קריטיש בעאורטיילען, ווער לעהרער האָט דאָס איהם ניט אויסגעלערנט.

נאָך ווייטער אַרומריידען די נאָטוועדיגקייט פון אַ נאַציאָנאַלער פאָלקס-שולע איז ניט דאָ דער אָרט, דערצו דאַרף מען האָבען אַ ספּעציעלע בראָשורע.

ווי איהר זעהט, איז נאָך ווייניג צו פאָדערען, אַז אין שיל זאָל אַליין געלערנט ווערען אויף דער מוטער-שפּראַך, די שול דאַרף נאָך זיין נאַציאָנאַל, צוזאַמענגעפלאָכטען מיט דער נאַציאָנאַלער קולטור, מיט דעם אַרומיגען לעבען; אָבער דאָס וועט די רעגירונג אין די אָרטס-פערוואַלטונג ניט קענען געבען דער בעפעלקערונג פון די שוואַכערע נאַציאָנען אויב זיי וועלען אַפילו האָבען דעם גוטען רצון (נור, ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט, וועלען די הערשענדע קלאַסען פון די שטאַרקערע נאַציאָנען דאָס גאָר ניט וועלען). דערפאַר מוזען די קולטור-אינטערעסען, ספּעציעל די אָרגאַניזאַציע פון פאָלקס-בילדונג, איבערגעגעבען ווערען יעדער נאַציאָן בעזונדער.

איצטער וועט איהר פערשטעהן, פאַר וואָס אונז קען ניט בעפרידיגען דער 8-ער פּונקט פון דער פּראָגראַם פון דער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע („איסקראַ"): „די בעפעלקערונג האָט דאָס רעכט צו ערהאַלטען בילדונג אין דער מוטערשפּראַך; דיזער רעכט איז בעוואָרענט דורך דעם, וואָס אויף די קאָסטען פון דער מלוכה און די אָרטספערוואַלטונגען וועלען געגרינדעט ווערען שולען, וועלכע זיינען דערצו נייטיג". ערסטענס, ווערט דאָ געפאָדערט ניר דאָס לערנען אין דער מוטערשפּראַך, אָבער דאָס איז נאָך ניט קיין נאַציאָנאַלע שול; מען קען די קינדער אַרין לערנען אויף אידיש, אָדער אַרמעניש, אָבער די למדים זאָלען זיין געגרינדעט אויף דער רוסישער קולטור. און צווייטענס, לאָזט איבער דיזע פּראָגראַם —פאָדערונג די זאָרגען וועגען פאָלקס-בילדונג אין די הענד פון דער מלוכה אין די אָרטספערוואַלטונגען, און צו וואָס דאָס מוז פיהרען, האָבען מיר שוין גענוג אַרומגערעדט אין ריזען קאַפּיטעל: דאָס וועט ברייגגען דערצו, דאָס דער קלאַסענקאַמפּף אין פּאַרלאַמענט און אין די אָרטס-פערוואַלטונגען וועט פערדונקעלט ווערען דורך אַ נאַציאָנאַלען קאַמפּף.

מיר קענען איצטער אין איניגע ווערטער איסדריקען אונזער פאָדערונג: וועגען די קולטור-אינטערעסען בכלל און די פאָלקס-בילדונג בפרט זאָרגט יעדער נאַציאָן בעזונדער און זעלבסטשטענדיג. איצטער האָבען מיר אין רוסלאַנד „אַלגעמיינע שולען". אָבער דאָס זיינען „רוסישע" שולע; אַז אונזערע פאָדערונגען וועלען פערווירקליכט ווערען, וועלען מיר האָבען: רוסישע, פּוילישע, אידישע, גרוזישע א. ז. וו. שולען. עס פערשטעהט זיך, אַז מען וועט ניט נייטען יעדען אידען אַוועק צו געבען זיין קינד דוקא אין די אידישע שיל, ער וועט קענען אַוועקגעבען איהם אין אַ וואָסערע שול, ער וויל (למשל, אין אַ רוסישע, פּוילישע א. ז. וו.).

מיר האָבען זיך דאָ אַזוי פיעל אָבגעשטעלט אויף דער פראַגע וועגען פאָלקסשולען, ווייל די פאָלקסשולע איז דער חוט השדרה, דער פונדאַמענט פון פאָלקסבילדונג און אויפקלערונג; די פראַגע וועגען די

גוטע אָרגאַניזאַציע פֿון פֿאָלקסשולען שטעהט איצטער אויף דער טאַגעס־אָרדנונג ביי אונזערע דייטשע גענאָסען; ביי אונז אין רוסלאַנד בכלל און ביי די אונטערדריקטע נאַציאָנען אין רוסלאַנד בפרט איז די פֿראַגע, פֿערשטעהט זיך, נאָך פֿיעל ברענענדער.

אויסער דער פֿאָלקסבילדונג דאַרף די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אַרומנעהמען נאָך פֿיעלע אַנדערע צווייגען פֿון קולטורעלען לעבען, למשל ליטעראַטור, קונסט א. ז. וו.

## ד). ווי דאַרף זיין אָרגאַניזירט די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע?

מיר קענען דאָ ניט אין אַלע פרטים אַרומרייִדען די אָרגאַניזאַציע פֿון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, דער לעבען וועט אונז דאָ נאָך פֿיעל אויסלערנען. מיר ווילען אָנווייזען נור די הויפט פרינציפּען, לויט וועלכע די אויטאָנאָמיע דאַרף אויסגעפֿיהרט ווערען.

### 1). די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע איז אַ מלוכה־איינריכטונג און ניט אַ פריוואַטע.

מיר האָבען פֿאַר הער צווישען אונזערע אַלגעמיין־דעמאָקראַטישע פֿאָדערונגען אַרויסגעשטעלט די פֿאָדערונג, אַז די רעליגיאָן איז אַ פּריוואַט־זאַך, ד. ה. מענשען, וואָס האָבען גלייכע רעליגיעזע אינטערעסען, קענען זיך גרינדען פֿעראיינען (אויף דעם גרונד פֿון זייער קאָנסטיטוציאָנעלען רעכט פֿון פֿעראיינס פֿרייהייט), כדי צו בעפֿרידיגען דיזע אינטערעסען; די מלוכה דאַרף זיך ניט אין האָט ניט וואָס צו מישען אין די אינטערעסען פֿון דיזע פֿעראיינען, דאַרף זיי קיין געלד ניט געבען, אָדער זי קען ניט, למשל, נויטען אַ בירגער, אַז ער מוז האָבען אַ וועלכע עס איז רעליגיאָן. ניט אַזוי איז דאָס מיט פֿאָלקסבילדונג און קולטור־אינטערעסען איבערהויפט. די גאַנצע מאַכט, דער קיום פֿון דער מלוכה הייננט אָב פֿון דער בילדונג און קולטור פֿון די איינוואָהנער, און אַזאַ וויכטיגע זאַך קען מען ניט איבערלאָזען אין די הענד פֿון פריוואַט־פֿעראיינען, וואָרום זיי וועלען ניט האָבען די נויטיגע מיטלען, זיי וועלען ניט קענען נויטען יעדען בירגער, ער זאָל צושטעהען צו אַ פריוואַט־בילדונגספֿעראיין און זאָל שיקען זיינע קינדער אין פֿאָלקסשול, רייכע מענשען וואָלטען געעפֿענט זעהר גוטע שולען פֿאַר זייערע קינדער און די אָרימע בעפֿעלקערונג וואָלט גאָר ניט געוועזען אימשטאַנד צו לערנען די קינדער א. ז. וו. דערפֿאַר האָבען מיר טאַקי אַרויסגעשטעלט פֿריהער די פֿאָדערונגען, אַז די מלוכה דאַרף זאָרגען, יעדעס קינד פֿון 6 ביז 16 יאָהר זאָל זיך לערנען אין פֿאָלקסשול, זאָל זיך לערנען אויף דער רעכענונג פֿון דער מלוכה; די פֿאָלקסשול זאָל זיין בעפֿרייט פֿון דער רעליגיאָן און קירכע; נור די מלוכה וועט קענען נויטען די עלטערן, זיי זאָלען שיקען די קינדער אין שול, נור די מלוכה האָט די נייטיגע מאַכט און געלד מיטלען אויפֿצוהויבען די פֿאָלקסבילדונג און בעפֿרידיגען די קולטור־אינטערעסען.

דער מלוכה אָבער (דער צענטראַלרעגירונג, דער אָרטספֿערוואַלטונג און אָרטסרעגירונג) קענען מיר איבערלאָזען נור אַלגעמיינע קולטור אויפֿגאַבען, וועלכע עס זיינען נגוע אַלע בירגער אָהן אונטערשיעד פֿון נאַציאָן, ווי למשל אַכטונג געבען, אז די שולען זאָלען זיין וועלטליכע, אַלע קינדער זאָלען זיך לערנען פֿון 6 ביז 16 יאָהר, בעשטימען אַ

געוויסען מיניםום פֿון אַלגעמיינע קענטניסען (מאַטעמאַטיק, נאַטורוויסענשאַפֿטען א. ז. וו.), וועלכע די קינדער דאַרפֿען דורכגעהען. אַלעס איבריגע, די אָרגאַניזאַציע פֿון די פֿאָלקסשולען, אויסאַרבייטען די פּרטים פֿון די לעהר-פּראָגראַמען, מיט איין וואָרט, דאָס גרינדען פֿון נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פֿאָלקסשולען און די בעפֿרידיגונג פֿון נאַציאָנאַלע קולטור אינטערעסען דאַרף איבערגעגעבען ווערען אין די הענד פֿון דער גאַנצער אויטאָנאָמער נאַציאָן. און דערפֿאַר מוז די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע זיין אַ מלוכה-איינריכטונג, ד. ה. אַזאַ איינריכטונג, וועלכע זאָל האָבען אַ געוויסע מאַכט דורכצופֿיהרען וואָס זי בעשליסט; אַלס אַ פּריוואַטער פֿעראיין, וועט זי ניט קענען ערפֿילען די אויפֿגאַבען, וועלכע זי מוז ערפֿילען.

איצטער וועט איהר פֿערשטעהען, פֿאַר וואָס מען טרעטען שאַרף אַרויס געגען די פֿאָדערונגען פֿון דער „אידישער דעמאָקראַטישער גרופּע" (זעה „לעצטע נאַכריכטען" № 225 פֿון 6-טען אַפּריל 1905), וועלכע פֿערלאַנגט די „פֿרייהייט פֿון נאַציאָנאַל-קולטורעלער און רעליגיעזער זעלבסטבעשטימונג" און גלויבט, אַז די נאַציאָנאַלע פֿראַגע וועט פֿערענטפֿערט ווערען, ווען „די נאַציאָנאַליטעט וועט, אַקוראַט ווי די קירכע, אָבגעטיילט זיין פֿון דער מלוכה און איהרע מיטגליעדער וועלען איהר קענען אויפֿבויען נאָך זייער פֿרייען ווילען נאָך".

געקומען איז זי צו אַזאַ פֿערענטפֿערונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע איבער אַ גראָבען לאָגישען טעות, איבער דעם, וואָס זי רעכענט, אַז מען קען טאַקי אין דער אמת'ן פֿערגלייכען די קירכע מיט דער נאַציאָנאַליטעט. דאָס זיינען אָבער גאָר צוויי בעזונדערע זאַבען. די קירכע איז ניט מעהר ווי אַ'ן איינריכטונג און אַלס אַ'ן איינריכטונג קען זי זיין אַ מלוכה-אָרגאַניזאַציע אָדער אַ פּריוואַטע, זי קען זיין ענג פֿערבונדען מיט דער מלוכה אָדער זי קען זיין גאָר אונאָבהענגיג פֿון איהר, ווי יעדער אַנדערע פּריוואַטע געזעלשאַפֿט. גאָר אַנדערס איז עס מיט דער נאַציאָנאַליטעט. די נאַציאָנאַליטעט איז ניט קיין איינריכטונג, נאָר אַ'ן אָרגאַניזם, וואָס לעבט און פֿיהלט, האָט זיינע פֿריידען און ליידען און קען זיך בשום אופן ניט אויסטהאָן פֿון יעדערליי בעציהונגען צו דער מלוכה און צו אַנדערע נאַציאָנען, וואָס לעבען מיט איהר אין שכונת. און דעריבער איז די אויפֿגאַבע פֿון דער מלוכה בנוגע דער קירכע בלויז אַ נעגאַטיווע: ניט אונטערדריקען, ניט אַריינמישען זיך, ניט אַרויפֿלעגען איהר האַנד, ניט פֿאַנאַנדערטיילען קיינע פּריוויליעס און זכיות פֿאַר דער אָדער יענער בעשטימטער רעליגיאָן. די אויפֿגאַבע פֿון דער מלוכה בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע איז אָבער גאָר אַ'ן אַנדערע: זי מוז בעשאַפֿען אַזעלכע איינריכטונגען, וועלכע עס זאָלען ג אַ ר אַ נ ט י ר ע ן פֿאַר די פֿערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען די פֿרייהייט פֿון ענטוויקלונג, וועלכע זאָלען בעזייטיגען די מעגליכקייט פֿון סכסוכים צווישען זיי און זאָלען ניט צולאָזען, אַז די מלוכה-געוואַלט זאָל קענען איין נאַציאָן ערשטיקען און די אַנדערע קינסטליך אויפֿהויבען.

„די נאַציאָנאַליטעט זאָל זיין אָבגעטיילט פֿון דער מלוכה"—דערפֿאַר כאַפּען זיך איצטער אָן אַלע אַסימיליאַטאָרען, וועלכע האָבען וואָס עס איז געגנאַשט פֿון דעם נייעם „רוח הזמן", און האָבען אָבער גאָרנישט פֿערגעסען פֿון זייערע אַלטע גאַנגען. דער רוח הזמן, דאָס לעבען האָט זיי בעוויזען, אַז די אַלטע אַסימיליאַציאָנס-לאָזונגען („אידען זיינען ניט קיין נאַציאָן", „אידען מוזען זיך אַסימילירען" און ד. גל.) האָבען אָנגעוואָרען זייער פֿריהערדיגען חן, און זיי האָבען אויף אַזאַ אופן געפֿונען פֿאַר נויטיג אָנטהאָן זיך אין נייע מלבושים: געגען קולטור-נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע האָבען זיי, הייסט עס, גאָרנישט, פֿערקעהרט — זיי רע-

קענען איהר פֿאַר נויטיג, זיי שטעהען דאָך טאַקי פֿאַר׳ן פּרינציפּ פֿון נאַציאָנאַלער זעלבסטבעשטימונג; נאָר אין זייערע אויגען האָט די נאַ־ציאָנאַלע אויטאָנאָמיע קיין פּאָליטישע בעדייטונג ניט, ווייל פֿעראיינען צוליעב קולטורעלע צוועקען וועלען דאָך אויך קענען פֿריי פֿונקציאָנירען אויף׳ן גרונד פֿון די אַלגעמיין־קאָנסטיטוציאָנעלע רעכטען, דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגען וועגען דער מוטער־שפּראַכע אין די שולען, ווע־גען ליטעראַטור אויף דער שפּראַכע פֿון די פֿאָלקסמאַסען און ז. וו.. צוליעב וואָס דאַרף מען דאָ אַריינמישען די מלוכה? דיזע געדאַנקען זיינען העכסט כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם גענוג־געוואָרענעם אַסימיליאַ־טאָר. ער קען ניט אָדער ער וויל ניט פֿערשטעהן, אַז מען קען ניט צונויפֿמישען די קולטור־נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, וואָס נעהמט אַרום דעם גאַנצען קולטורעלען לעבען פֿון דער נאַציאָן, אין וואָס דיזער לעבען זאָל זיך ניט אַרויסווייזען, מיט אַ חברה פֿאַר ליטעראַטור אָדער קונסט, אויף צו ערפֿילען נאָר אַ קליינע בעדערפֿניס, וועלכע עס איז נאָר אַ פּיצינקע רעדעלע פֿון אַ גרויסען און גאַנצען מעכאַניזם; זיי פֿערגעסען, אַז אויב אַ חברה, וואָס שטעלט זיך קולטורעלע ציעלען, קען פֿונקציאָ־נירען אויף׳ן גרונד פֿון די אַלגעמיין־קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצען, זיינען דאָך דיזע אַלגעמיין־קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצען אַ קנאַפּע ערבות, אַז דאָס גאַנצע קולטורעלע לעבען פֿון אַ פֿאָלק זאָל קענען געהן ווי דער סדר איז, אָהן ספּעציעלע גאַראַנטיעס, וועלכע עס קען געבען נאָר די מלוכה. אַלץ, וואָס די אַסימיליאַטאָרען שטעלען אַרויס געגען דעם פּאָ־ליטישען כאַראַקטער פֿון דער קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, איז גע־בויט געוואָרען אויף אָ׳ן איינפֿאַכען לאָגישען פֿאָקוס: זיי צערגליעדערען דעם קולטור־נאַציאָנאַלען לעבען פֿון פֿאָלק אין בעטראַכטען יעדערען פֿון זיינע אוברים בעזונדער.

„די נאַציאָנאַליטעט דאַרף זיין אָבגעטיילט פֿון דער מלוכה" — דאָס איז דער לעצטער ערי־מקלט, וואוהין עס ראַטעווען זיך נאָך די אַסימיליאַטאָרען, וואָס האָבען בעקומען אין דער לעצטער צייט אַזאַ בי־טערע מפּלה; און דער אומשטאַנד, וואָס „די אידישע דעמאָקראַטישע גרופּע" שטעלט אַרויס דעם לאָזונג פֿון „אָבטיילען", בעווייזט קלאָר, אַז זי האָט זיך נאָך ניט בעפֿרייט פֿון דער קנעכטישער פּסיכאָלאָגיע און פֿון דער קנעכטישער וועלטאַנשויאונג פֿון די אַסימיליאַטאָרען, מיט וועל־כע זי וויל זיך צושיידען, ווי מען קען עס מיינען.

אונזערע דעמאָקראַטען פֿאָדערען די „פֿרייהייט פֿון נאַציאָנאַל־קולטו־רעלער זעלבסטבעשטימונג", אָבער זיי פֿערגעסען נאָר אַ קלייניגקייט, זיי פֿערגעסען צו פֿאָדערען ספּעציעלע גאַראַנטיעס, מלוכה־איינריכטונגען, דורך וועלכע די זעלבסטבעשטימונג זאָל זיך קענען פֿערווירקליכען. אָהן דיזע נאַציאָנאַלע מלוכה־איינריכטונגען וועט אַלץ בלייבען ווי געווען: די רעגירונג וועט גרינדען רוסישע שולען, זי וועט פֿערשפּרייטען די רו־סישע קולטור, די שוואַכערע נאַציאָנען וועלען בלייבען מיט זייער זעלבסטבעשטימונגס־רעכט אויף׳ן פּאַפּיער און מיט אַ פּאָר רחמנות׳דיגע פּריוואַט־פֿעראיינען אויף בעפֿריעדיגען די נאַציאָנאַל־קולטורעלע בע־דערפֿניסען.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז ווען מיר פֿאָדערען, דאָס די מאַכט פֿון דער מלוכה אין די קולטור־ענינים זאָל אָבגעהן צו יעדער נאַציאָן בעזונדער, מיינען מיר דערמיט ניט, אַז יעדערער וועט זיין מחויב צו־שטעהן צו דער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע פֿון דער נאַציאָן, צו וועל־כער ער געהערט; מען וועט ניט נויטען אַ אידען איבערגעבען זיינע קינדער דוקא אין אַ אידישע פֿאָלקס־שול, געניסען דוקא די אידישע

קולטור. יעדערער וועט האָבען דאָס רעכט צושטעהן צו דער נאַציאָ-נאַלער אויטאָנאָמיע, צו וועלכער ער וועט וועלען.

2) דער נאַציאָנאַלער פּאַרלאַמענט (סעיים) און די וואַהלען צו איהם.

די גאַנצע נאַציאָן וועט זעלבסטפּערשטענדליך ניט קענען פיהרען אַליין איהרע קולטור-ענינים; עס וועט מוזען אויסגעקליבען ווערען אַ פּאַרלאַמענט, וועלכער וועט בעשטימען געזעצען וועגען בילדונג א, ז, וו., וועלכער וועט אויסאַרבייטען לעהר-פּראָגראַמען, בעשטימען דעם געהאַלט פון די לעהרער. אין דעם סעיים וועט זיך ערשט אָנהויבען דער קלאַסענקאַמפף. דאָרטען וועלען אַרויסטרעטען די סאָציאַלדעמאָ-קראַטישע דעפּוטאַטען און בעשיצען די קולטורעלע אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט.

אַלע אונזערע פאָדערונגען, וואָס מיר שטעלען אַרויס בנוגע צו די וואַהלען אין פּאַרלאַמענט און אין די אָרטספערוואַלטונגען, עלען מיר אויך אַרויס בנוגע צו די וואַהלען אין נאַציאָנאַלען סעיים: די וואַ-לען זיינען אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און געהיימע; אַלע, וואָס האָבען אַקטיווען וואַהלרעכט, בעקומען אויך פּאַסיווען; די דעפּוטאַטען ערהאַלטען דיעטען און ז, וו, דער נאַציאָנאַלער סעיים וועט קיין לאַנגע צייט ניט דאַרפען זיצען; אַ פּאָר חדשים אין יאָהר איז גענוג, ער זאָל אָננעהמען די נויטיגע בעשליסען.

אַזוי ווי דער פּאַרלאַמענט קען ניט אויסקומען אָהן אַ רעגירונג, וועלכע זאָל אויספיהרען זיינע בעשליסען, אַזוי וועט דער נאַציאָנאַלער סעיים אויך דאַרפען אויסקלייבען אַ מין קאָמיסיע, וועלכע וועט פיהרען די ענינים פון דער נאַציאָנאַלער קולטור און וועלכע וועט זיין פעראַנט-וואָרטליך פאַר אַלע איהרע מעשים פאַר דעם נאַציאָנאַלען סעיים.

3) די פינאַנצען פון דעם נאַציאָנאַלען סעיים.

אויף אויסצוהאַלטען שולען, גרינדען קאָנסערוואַטאָריעס, קונסט-גאַלערעען, אונטערשטיצען קינסטלער און ז. וו. דאַרף מען האָבען געלד. וואו זאָלען די נאַציאָנאַלע סעיימען נעהמען דאָס געלד? אויף דיזע פראַגע קען מען געבען צוויי ענטפערען: אָדער יעדער נאַציאָנאַלער סעיים לייגט אַרויף אַ שטייער אויף די בירגער פון דער נאַציאָן (זעלבסטפערשטענדליך, דאַרף דאָס זיין אַ דירעקטע, פּראָגרעסיוו-שטיי-גענדע שטייער אויף הכנסה, פערמעגען און ירושה), אָדער די מלוכה גיט דאָס געלד יעדען נאַציאָנאַלען סעיים לפי ערך נאָך די בעדערפניסען פון יעדער נאַציאָן. אונז שיינט דער צווייטער וועג ריכטיגער צו זיין. ניט אָבשטעלענדיג זיך אויף אַנדערע טעמים, וועלען מיר דאָ אָנווייזען אויף אַזאַ טעם: וועט יעדע נאַציאָן בעזונדער קלייבען אויף די קולטו-רעלע היצאות, וועלען די רייכערע נאַציאָנען ביי גלייכע אַנדערע בע-דינגונגען מעהר געלד צונויפקלייבען און די אויפקלערונג און בילדונג וועט ביי זיי העכער שטעהן (דערהויפּט איז וויכטיג, וואָס זיי וועלען קענען צאָהלען די לעהרער גוטע שכירות און גוט אָרגאַניזירען די פאָלקסשולע); דערפאַר וועט זיין צוועקמעסיגער, אַז די מלוכה זאָל גע-בען יעדען סעיים אויף זיינע הוצאות.

4) געמיינזאַמע קולטור-אינטערעסען.

עס זיינען נאָך פאַראַנען קולטור-אינטערעסען, אין וועלכע אַלע נאַציאָנען זיינען גלייך פעראינטערעסירט, אין וועלכע עס זיינען ניטאָ קיינע נאַציאָנאַלע אונטערשיעדען, למשל, גרינדען וויסענשאַפטליכע

אַקאַדעמיעס, צענטראַל-ביבליאָטעקען, שיקען עקספּעדיציעס אין די לענ-
דער, וואָס זיינען נאָך ניט אויסגעפאָרשט. מען קען איצטער ניט פאָר-
אויסזאָגען, ווער וועט דאַרפען אויף זיך נעהמען די ערפילונג פון דיזע
קולטור-אויפגאַבען. מען קען נאָר אָנווייזען צוויי וועגען: אָדער די
צענטראַלע רעגירונג בעזאָרגט דיזע אינטערעסען, אָדער אַ פעדעראַטי-
ווער סעיים פון אַלע נאַציאָנאַלע סעיימען.

מיר זאָגען נאָך אַ מאָל, אַז מיר זיינען ווייט דערפון אויסצואַרבייטען
אַ פאָלשטענדיגען פּראָיעקט פון דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע:
מיר האָבען נור געגעבען אַן איבערבליק פון איהר אָרגאַניזאַציע.

## ה) די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע און די קאָנסטיטוציע.

אַז מיר האָבען גערעדט וועגען אָבשאַפינג פון אויסנאַהמס-געזעצען געגען
אידען, האָבען מיר געזאָגט, אַז צו דער קאָנסטיטוציע האָבען מיר ניט קיינע
פאָדערונגען: ווי באַלד אַז די קאָנסטיטוציע נעהמט אָן די בעשטימונג פון
אַלג., גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואַהלרעכט און די בעשטימונג,
אַז אַלע בירגער און בירגערינען זיינען גלייך פאַר דעם געזעץ, צו וועל-
כער נאַציאָן זיי זאָלען ניט געהערען, ווערען שוין במילא בטול אַלע
אויסנאַהמסגעזעצען פאַר די אונטערדריקטע נאַציאָנען. גאַנץ אַנדערש איז
מיט דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע; דאָס איז אַ נייער פּרינציפּ
און ער דאַרף בפירוש אַריינגענומען ווערען אין דער קאָנסטיטוציע. די
קאָנסטיטוציע דאַרף בפירוש בעשטימען, אַז די קולטור-אינטערעסען ווע-
רען בעזאָרגט זעלבסטשטענדיג פון יעדער נאַציאָן בעזונדער; אַז דער
נאַציאָנאַלער סעיים ווערט אויסגעקליבען דורך די בירגער און בירגערי-
נען פון יעדער נאַציאָן אויף דעם גרונד פון אַלגעמיינעם גלייכען, דירעק-
טען און געהיימען וואַהלרעכט, מיט איין וואָרט אַלע פּרינציפּען, וועלכע
מיר האָבען אַרומגערעדט אין דעם פאָריגען אָבשניט, דאַרפען זיין אויס-
געדריקט אין דער קאָנסטיטוציע.

## ו) די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע און אונזערע פיינד און געגנער.

אַז די בורזשואַזיע וועט ניט איינשטימען מיט אונזער פאָדערונג—
איז ליכט צו פערשטעהען; איהר לעהנט ניט אַרויסצולאָזען פון די הענד
די „נאַציאָנאַלע פראַגע". די נאַציאָנאַלע פראַגע און די נאַציאָנאַלע קול-
טור אינטערעסען — אויף דערויף פאָהרען אַרויס אַלע בורזשואַזע פּאָלי-
טיקער, ווען זיי ווילען נאָכציעהען נאָך זיך די פאָלקסמאַסען. די בורזשו-
אַזע פּאָליטיקער פון די הערשענדע נאַציאָנען ווילען איינריידען זייער פּראָ-
לעטאַריאַט, אַז אַלע צרות זיינען נור פון די „פרעמדע" פעלקער, די
בורזשואַזע פּאָליטיקער פון די אונטערדריקטע נאַציאָנען ווילען איינריידען
זייער פּראָלעטאַריאַט, אַז די גאַנצע שלעכטס אויף דער וועלט שטאַמט
נור פון דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. און מיט אַ מאָל קומען מיר
און ווילען אַרויסנעהמען ביי זיי דעם קאָזיר פון די הענד. וועט נאָר
פערווירקליכט ווערען דאָס, צו וואָס מיר שטרעבען, און דעם פּאַרלאַמענט
וועט איבערהויפּט ניט אויסקומען זיך צו בעשעפטיגען מיט נאַציאָנאַל-
קולטורעלע פראַגען, וועלכע וועלען אַריבערגעהען אין די נאַציאָנאַלע
סעיימען, דאַן וועט אונז זיין ליכט צו בעווייזען, וואָס פאַר אַ ווערטה
עס האָבען די רייד וועגען נאַציאָנאַלער קולטור אין דעם מויל פון דער
בורזשואַזיע. די בורזשואַזע פּאָליטיקער וועלען מוזען אין פּאַרלאַמענט
און אָרטספערוואַלטונג אַרויסטרעטען אָפען געגען אונזערע סאָציאַל-עקאָ-

נאָמישע אין דעמאָקראַטישע פֿאָדערונגען, ניט האָבענדיג קיין אויסרייד
פֿון נאַציאָנאַלע ציעלען, און אין נאַציאָנאַלען סעיים וועלען זיי מוזען
אַרויסטרעטען געגען אונזערע פֿאָדערונגען יועגען פֿאָלקס-אויפֿקלערונג.
דאַן וועט זיי זיין פֿיעל שוועדער אָנטהאָן אויף זיך די מאַסקע פֿון
פֿאָלקס-פֿריינד.

אין „וואָסכאָד“ No 21 (פֿון 26 מאַי) וויל הערר ס. מ. דערוויייזען,
ווי נויטיג עס איז, ס'זאָל זיך בילדען אַ אידישע פּאָליטישע
פּאַרטיי, וועלכע זאָל פֿערטיידיגען אין פּאַרלאַמענט די קולטור-אינטערע-
סען פֿון די אידען. אָבער וואָס וועלען טהאָן די דעפּוטאַטען פֿון דיזער
פּאָליטישער פּאַרטיי, בשעת דער פּאַרלאַמענט וועט זיך בעשעפֿטיגען מיט
סאָציאַל-עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פֿראַגען? וועלען זיי זיך דאַן זעצען
זאָגען תהילים (זיי זיינען דאָך די בעשיצער פֿון דער קולטור!) אָדער
זיי וועלען אויך שטימען? און מיט וועמען וועלען זיי שטימען: מיט די
בורזשואַזע פּאַרטייען אָדער מיט דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער? עס איז
נאָר געניג אַוועקצושטעלען דיזע פֿראַגען, און מען דערזעהט גלייך, אַז
דאָס איז נאָר אַ נעין; געוועהנליכע בורזשואַזע פּאָליטיקער ווילען פֿער-
כאַפּען אין זייערע נעצען אַרבייטער מאַסען און ברייטע פֿאָלקסמאַסען און
טרעטען דערפֿאַר אַרויס, אַלס בעשיצער פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור.

אַ געוויסע שטיצע וועלען מיר האָבען אין דער אידישער ראַדיקאַל-
בורזשואַזער אינטעליגענץ, די ליטעראַטען, קינסטלער, אַרטיסטען, צייט-
טונגס שרייבער א. ז. וו.— זיי זיינען פֿעראינטערעסירט אין דעם, אַז עס
זאָל זיך ענטוויקלען ביי די פֿאָלקס מאַסען די קולטור, דאַן איז דאָ אַ
נאָכפֿראַגע אויף זייער אַרבייט.

מיר האָבען גערעדט וועגען אונזערע בורזשואַזע פֿיינד; מיר דאַרפֿען נאָך
זאָגען איינעגע ווערטער וועגען אונזערע סאָציאַלדעמאָקראַטישע געגנער,
וועגען דער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. אין'ם פּראָגראַם פֿון דער
רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געפֿינט זיך אַ פּונקט, אַז יעדע נאַציאָן
האָט דאָס „זעלבסט-בעשטימונגס-רעכט“. וואָס די רוסישע גענאָסען מיינען
דערמיט האָבען זיי ערגעץ ניט אַרומגערעדט, און אַז מיר האָבען זיך בענוצט
מיט אונזער „זעלבסטבעשטימונגסרעכט“ און אַרויסגעשטעלט די פֿאָדע-
רונג פֿון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע, איז געוואָרען אַ רעש או'
מען בעשולדיגט אונז אין נאַציאָנאַליזם, שאָוויניזם און נאָך אַזוינע זינד.
מיר קענען פֿעסט האָפֿען, אַז אונזערע רוסישע גענאָסען וועלען אַיינזעהען
זייער טעות, ווי נאָר אין דער רוסישער פּאַרטיי וועלען זיך איינשטעלען
נאָרמאַלע צייטען.



מיר האָבען גערעדט די גאַנצע צייט וועגען מיטלען צו פֿערהיטען
נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און האָבען מיט איין וואָרט ניט דערמאָנט
פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט פֿון די נאַציאָנען. מיר האָבען דאָס ניט
דערמאָנט, ווייל מיר האַלטען ניט, אַז מיט דיזעם מיטעל זאָל מען קענען
בעזייטיגען די נאַציאָנאַלע סכסוכים. פֿון אַלע נאַציאָנען, וואָס וואָהנען
אין רוסלאַנד, קען מען ריידען וועגען פּאָליטישער זעלבסטשטענדיגקייט
נור פֿון פּוילען; (פֿינלאַנד רעכענען מיר פֿאַר אַ זעלבסטשטענדיגע לאַנד).
וועגען די דייטשען, לאַטישען, אידען, קליין-רוסען, אַרמעניער, טאַטאַרען,
גרוזינער א. ז. וו. איז ניטאָ וואָס צו ריידען, אַז זיי זאָלען ווערען פּאָ-
ליטיש זעלבסטשטענדיג. און זאָל שוין פּוילען אפילו יע ווערען אַ פּאָ-
ליטישע זעלבסטשטענדיגע מלוכה, וועט דאָך ווידער אויפשטעהען די

פֿראַגע: און וואָס זאָל מען טהאָן מיט די אידען און רוסען אין פּוילען? מען וועט דאָך זיי מוזען געבען נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע, זעלבסט-שטענדיגקייט אין קולטור-לעבען פֿאַר יעדע נאַציאָן — דאָס איז אונזער פּראָלעטאַרישע פֿאָדערונג.

---

דער „בונד" איז געווען דער ערסטער צווישען די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד, וועלכער האָט אָנגענומען אויף זיין 4-טען צוזאַמענפֿאָהר (1902) די פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע; אין רוסלאַנד איז דאָס געווען אַ נייעס, און ווי יעדע נייעס האָט דאָס געפֿונען העפֿטיגע געגנער: די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע און בעזונדערס די „איסקראַ", די עסטרייכעשע סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט זיך מיט דיזע פֿראַגען שוין פֿאַר אונז בעשעפֿטיגט; אין עסטרייך וואָהנען אויך פֿערשיעדענע נאַציאָנען אויסגעמישט, עס קומט פֿאַר אַ ביטערער נאַציאָנאַלער קאַמפף און, זעלבסטפֿערשטענדליך, האָט די עסטרייכעשע סאָציאַלדעמאָקראַטיע ניט געקאָנט און ניט געוואָלט שטעהען בלייבען אָן אַ זייט פֿון דיזעם קאַמפף. אין יאָהר 1899 אויף דעם קאָנגרעס אין בריון, האָט די דרומסלאַווישע סאָצ.-דעמ. פּאַרטיי פֿאָרגעלייגט אַ רעזאָלוציע וועגען נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע אין דעם זינע, אין וועלכען מיר האָבען וועגען דיזער אויטאָנאָמיע גערעדט. פּרינציפּיעל האָט דער צוזאַמענפֿאָהר גאָר נישט, ניט געהאַט אַנטקעגען דיזער רעזאָלוציע, נור רעכענענדיג זיך מיט די שטרעבונגען צו פּאָליטישע זעלבסט-שטענדיגקייט, וועלכע זיינען זעהר שטאַרק ביי דעם רוב נאַציאָנען, וואָס וואָהנען אין עסטרייך, האָט דער צוזאַמענפֿאָהר בענוגענט זיך דערווייל מיט אַ קאָמפּראָמיס-רעזאָלוציע; אין איהר רעדט זיך אי וועגען נאַציאָנאַלע פּראָווינצען (ד. ה. טעריטאָריאַלע זעלבסטשטענדיגקייט), אי וועגען דעם, אַז די נאַציאָנאַלע פּראָווינצען פֿון איין און דער זעלבער נאַציאָן פֿעראייניגען זיך אין אַ נאַציאָנאַלען פֿעראיין, וועלכער בעשעפֿטיגט זיך אויטאָנאָם מיט די נאַציאָנאַל-קולטורעלע ענינים. *

אויף דעם זעלבען שטאַנדפּונקט, ווי מיר, שטעהט אויך דער בע-וואוסטער טעאָרעטיקער פֿון אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם—ק. קאַאוטסקי. אין „לייפּציגער פֿאָלקסצייטונג" (No 98, פֿון 28-טען אַפּריל 1905) זאָגט ער אַרויס פֿאָלגענדע געדאַנקען: נאָר אין דער פֿאָרקאַפּיטאַליס-טישער צייט האָבען געקענט לעבען אָהן סכסוכים עטליכע נאַציאָנען אין איין מלוכה; דער פֿערקעהר איז געווען קליין, יעדע נאַציאָן, יעדע שטאָדט- און דאָרף-קהילה איז געווען אָבגעשלאָסען פֿאַר זיך. נאָר מיט דעם אויפֿקומען פֿון דעם קאַפּיטאַליזם, וועלכער פֿערבינדט אַלע טיילען פֿון אַ מדינה צו איין גאַנצען לעבענדיגען אָרגאַניזם און וועלכער האָט בעשאַפֿען אייזענבאַהנען און דאַמפּפֿשיפֿען, האָט זיך געמוזט אָנהייבען אַ נאַציאָנאַלער קאַמפף, אין די לענדער, וואו עס וואָהנען עטליכע נאַ-ציאָנען צוזאַמען. די נאַציאָן, וועמענס שפּראַך, בילדונג און קולטור זיינען געוואָרען די הערשענדע, ציהט דערפֿון די גרעסטע נוצען אין ברענגט שאָדען די אונטערדריקטע נאַציאָנען; די אונטערדריקטע נאַציאָ-

---

* זעה וועגען דעם די בראָשיורע פֿון „בונד": „צו דער פֿראַגע וועגען נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און איבערבויאונג די סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבייטער פּאַרטיי רוסלאַנדס אויף פֿעדעראַטיווער גרונדלאַגע". — אויף רוסיש 1902.

נען האָבען זיך געמוזט וואַרפֿען אין קאַמפּף פֿאַר בעפֿרייאונג. און אויף אַזאַ אופֿן זעהען מיר, אַז דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף, דאָס שטרעבען צו נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט איז אויסגעוואַקסען אין דעם שויס פֿון דעם קאַפּיטאַליזם, אַקוראַט ווי ערשט דער קאַפּיטאַליזם האָט אַרויסגערופֿען דעם קאַמפּף פֿאַר אַ עכט דעמאָקראַטישע איינאָרדנונג פֿון דער מלוכה. בשעת דער קאַפּיטאַליזם איז אויפֿגעקומען, זיינען איינינגע נאַציאָנען געווען פֿאַנאַנדערגעטיילט צווישען פֿערשיעדענע מלוכות, למשל די דייטשען, פּוילען, אַרמעניער און אַנדערע. ביי די מיטגלידער פֿון אַ נאַציאָן, וועלכע איז געווען פֿאַנאַנדערגעטיילט צווישען עטליכע מלוכות, האָט זיך געמוזט ערוועקען אַ בעשטרעבען צו פֿעראייניגען זיך, ווארום דאַן וואָלטען זיי געוואָרען אַ סך אַ שטאַרקערע מאַכט. און נון, זאָגט קאַאוטסקי, דיזעביידע נאַציאָנאַלע טענדענצען (פֿעראייניגען זיך און זעלבסטשטענדיג ווערען) זיינען אַ׳ן עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייט, די סאָציאַלדעמאָקראַטיע מוז זיך מיט דיזער נויטווענדיגקייט רעכענען; און „אַקוראַט ווי זי שטיצט אונטער דאָס בעשטרעבען צו אַ דעמאָקראַטישע אָרדנונג אין דער מלוכה, דאַרף זי אויך אונטערשטיצען דאָס בעשטרעבען פֿון איינצעלנע נאַציאָנען, צווישען וועלכע זי אַרבייט, צוזאַמענשליסען זיך אין איין מלוכה און ווערען זעלבסטשטענדיג. אין דיזען זין מוז זי דעריבער זיין נאַציאָנאַל, אַקוראַט ווי זי איז דעמאָקראַטיש".

אָבער דאָ פֿערכאַפּט זיך קאַאוטסקי און הויבט אָן געהן צוריק. די סאָציאַלדעמאָקראַטיע איז ניט בורזשואַז-דעמאָקראַטיש און זי דאַרף אויך ניט זיין בורזשואַז-נאַציאָנאַליסטיש. אונזערע דעמאָקראַטישע און נאַציאָנאַלע פּאָליטיק דאַרף שטימען מיט דעם עקר פֿון דעם פּראָלעטאַרישען קלאַסענקאַמפּף. מיר קענען ניט אונטערשטיצען די רעאַקציאָנערע, נאַציאָנאַליסטישע אידעאַלען, ווי למשל אויפֿריכטען פּוילען אַזוי גרויס, ווי זי איז געווען מיט עטליכע הונדערט יאָהר צוריק, אָדער אויפֿריכטען בעהמען, אַרמעניען; ווארום זיי זיינען יעמאָלט ניט געווען קיינע נאַציאָנאַלע מלוכות, אין זייערע גרענעצען האָבען געלעבט נאָך אַנדערע נאַציאָנען (למשל, אין דער פּוילישער מלוכה האָבען געלעבט די ליטאָווצעס, קליין-רוסען, רוסען, אידען, דייטשען). ווייטער דאַרפֿען יעדען מאָל גוט אַרומטראַכטען, וואָס פֿאַר אַ זעלבסטשטענדיגקייט איז נויטיג. למשל, כדי צו בעפֿרידיגען די שטרעבונגען צו פּאָליטישער זעלבסטשטענדיגקייט אין פּוילען, קאַווקאַז א. ז. וו. איז גאָר ניט נויטיג, זיי זאָלען האָבען זעלבסטשטענדיגע מלוכות, דיזע שטרעבונגען קענען בעפֿרידיגט ווערען אין רוסלענדער פֿעדעראַטיווער רעפּובליק, דאָס הייסט, ווען רוסלאַנד וועט זיך אָרגאַניזירען אויף אַזאַ אופֿן, ווי למשל די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון אַמעריקאַ.

אָבער נאָך וויכטיגער זיינען די פֿאָלגענדע בעטראַכטונגען; קאַאוטסקי געהט איבער צו נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

„און וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם עס זאָל זיך ענדליך ניט אויסדריקען די פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט פֿון די גרענצלענדער אין רוסלאַנד — זאָגט קאַאוטסקי — וועט דערמיט דאָך פֿערענטפֿערט ווערען נאָר אַ טייל פֿון זייערע נאַציאָנאַלע פֿראַגען; דער אַנדער טייל קען אויף אַזאַ אופֿן ניט אָבגעשאַפֿט ווערען. צו קאַווקאַז וועט זיין גאָר אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה, אָדער נאָר אַ פּראָווינץ פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון רוסלאַנד, די לאַגע פֿון דער אַרמענישער נאַציאָן איז נאָך דערמיט ניט בעשטימט. עס זיינען דאָ אין רוסלאַנד, אַזוי ווי אין עסטרייך, קליין-אַזיען, באַלקאַן, גרויסע געביעטען, וועלכע עס געהערען ניט צו איין בעזונדערער נאַציאָן, נאָר אין וועלכע די נאַציאָנען וואָהנען זעהר אויסגעמישט צווישען איינאַנדער און מען קען זיי ניט טרענאָ-

ריאַל אָבשיידען פֿון אייגאַנדער. דערפֿון קומען אַרויס אַזעלכע נאַציאָנאַלע פֿראַגען, וועלכע אַ מערב-אייראָפּעאישער מענש קען ניט בעגרייפֿען און וועלכע מען קען ניט פֿערענטפֿערען מיט די מיטלען פֿון מערב-אייראָפּאַ. פֿערקעהרט איז, צ. ב., דער עסטרייכער זעהר גוט בעהאַווען אין דיזע פֿראַגען, און מען האָט שוין טאַקי אין עסטרייך שוין זייט אַ היבשער צייט פֿאָרגעלייגט אַ סך שכל'דיגע המצאות, ווי צונויפֿצופּאָרען די זעלבסטפֿערוואַלטונג פֿון די לענדער מיט די זעלבסט-פֿערוואַלטונג פֿון די איינצעלנע נאַציאָנען, און אין דער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע פֿון דער עסטרייכישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע זיינען די ביידע אַרטען פֿון אויטאָנאָמיע אויך פּראַקטיש פֿערווירקליכט.* די בורזשואַזע פּאַרטייען האָבען זיך פֿונדעסטוועגען האַרטנעקיג איינגעשפּאַרט געגען דער אידעע פֿון אויטאָנאָמיע פֿאַר די נאַציאָנען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס עסטרייך פֿאַלט זעהר טיעף איבער די נאַציאָנאַלע מחלוקות, וואָס קומען דאָרט פֿאָר. מיר זעהען אויך דאָ, אַז די גרעסטע שוועריקייט צו פֿערענטפֿערען אַ געזעלשאַפֿטליכע פֿראַגע ליעגט אין די מ אַ כ ט פֿ ע ר ה ע ל ט נ י ס ע ן פֿון די קלאַסען, פּ ר אַ ק ט י ש ע ע צ ו ת וואָלט שוין קיין דאגה ניט זיין צו געפֿינען. ווען עס איז נאָר דאָ אַ רצון, דאַן געפֿינט מען לייכט אַ וועג. איז, פֿערקעהרט, קיין רצון ניטאָ צו דערגרייכען דעם ציעל, קען דער שעהנסטער וועג אויך ניט העלפֿען.

„די אויטאָנאָמיע פֿון די לענדער לאָזט זיך צונויפֿפּאָרען מיט דעם גייסט פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט, ווייל יעדער נאַציאָן ווערט דורך דעם אָבגעשלאָסען פֿון די אַנדערע, ווערט דורך דעם אַ'ן אָבגעזונדערטער אינדיווידואום. פֿערקעהרט, איז עס געגען דעם עצם וועזען פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט, וועלכע עס איז געבויט אויף דער קאָנקורענץ, אויף דעם היפך צווישען די פֿערשיעדענע פֿאָלקס שיכטען, אַז עס זאָלען לעבען פֿריעדליך צווישען זיך די נאַציאָנען, וואָס וועהנען דורכגעמישט און קענען ניט אָבצוימען איינע פֿון די אַנדערע די קרייזען, וואו זיי ווירקען. אמת, די קאָנקורענץ רופֿט אַרויס פֿון צייט צו צייט אַזעלכע ערשיינונגען, וועלכע ווירקען געגען איהר. אַלע קלאַסען פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט סטאַרען זיך ביי געוויסע אומשטאַנדען — און וואָס ווייטער אַלץ אָפֿטער — אָבצושאַפֿען די קאָנקורענץ, וועלכע עס איז ביי געוויסע פֿערהעלטניסען פֿאַר יעדען פֿון זיי שעדליך; אָבער די פֿערמעגענדע קלאַסען ווייסען נאָר איין מיטעל געגען דער קאָנקורענץ: דעם מאָנאָפּאָל, פּריווילעגיעס פֿאַר איינצעלנע קלאַסען, געגענדען, נאַציאָנען אויף'ן חשבון פֿון די אַנדערע. פֿון די מיטעלאַלטערליכע צעכען און שטאָדטישע שלאַגבוימען ביז צו די היינטיגע גרענעץ-אָבצאָהלונגען און קאַרטעלען ציהט זיך די זעלבע שטרעבונג: אָבשאַפֿען די קאָנקורענץ דורך דעם מאָנאָפּאָל. דאָס בעדייטעט אָבער נאָר צו פֿערבייטען די היפּכים, וועלכע די קאָנקורענץ רופֿט אַרויס, מיט נאָך שאַרפֿערע און דריקענדערע.

„גאַנץ אַנדערש איידער די פֿערמעגענדע קלאַסען סטאַרעט זיך דער פּראָלעטאַריאַט אָבצושאַפֿען אין זיינע רייהען די קאָנקורענץ און איהר שאָדען; ניט דורך מ אָ נ אָ פּ אָ ל, נאָר דורך ס אָ ל י ד אַ ר י ט ע ט. דע-

---

* אונזערע לעזער ווייסען מסתמא, אַז די עסטרייכישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אָרגאַניזירט אויף אַ פֿעדעראַטיווער גרונדלאַגע, און יעדע נאַציאָנאַלע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי (פּוילישע, טשעכישע, דייטשע און ז. וו.) בילדעט אַ זעלבסטשטענדיגען גליעד אין דיזער פֿעדעראַציע. דער פֿערפֿאַסער.

ליבער האָט ער די מעגליכקייט בייצוקומען אין זיינע רייהען אַלע יענע היפּכים, וועלכע עס צערשפּאַלטען די בורזשואַזע וועלט אַלין מעהרער און טיעפער, וואָס מעהר זי סטאַרעט זיך צו בעזייטיגען די קאָנקורענין".

פון קאַוטסקי'ס רייד זעהט מען, אַז פאַר די לענדער, וואו איינציגע נאַציאָנען לעבען צוזאַמען דורכגעמישטערהייט, און טעריטאָריען, וואו עס זאָל וואָהנען נאָר איין נאַציאָן, — איז אין רוסלאַנד כמעט ניטאָ — איז דער איינציגער און דער בעסטער מיטעל צו פערענטפערען די נאַציאָנאַלע פראַגע — די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

# די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָדערונגען פון דעם ארבייטערקלאַס.

ווי מען הייבט נאָר אָן צו ריידען וועגען סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָ־דערונגען, שטעלען די קאַפּיטאַליסטען אַרויס אַזאַ טענה: די אינדוסטריע איז אין סכנות, זי וועט ניט קענען אויסהאַלטען די צו הויכע פערלאַנגען פון די אַרבייטער, א. ד. גל. נאָר דאָס איז פאַלש. די וויסענשאַפט האָט בעוויזען, אַז די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פערבעסערונגען זיינען ניט בלויז ניט שעדליך פאַר דער אינדוסטריע, נאָר, פערקעהרט, זיי זיינען איינע פון די נויטיגסטע בעדינגונגען פון איהר וויטערער ענטוויקלונג. די סטאַטיסטיק האָט טויזענדער מאָל קלאָר בעוויזען, אַז ווען מען פער־קירצט די אַרבייטסצייט, ווערט די אַרבייט פיעל אינטענסיווער און בעסער; די אַרבייטער זיינען אויפמערקזאַמער, זיי שאָנעווען די מאַשינעס, די פּראָדוקטען; דער פאַבריקאַנט האָט וועניגער הוצאות אויף הייצונג, בעלייכטונג, אויפזיכט א. ז. וו. ערהאַלטען די אַרבייטער העכערע שכירות, זיינען זיי געזינדער, קענען זיי זיך אינטערעסירען מיט אַנדערע פראַגען איידער עסען, טרינקען און שלאָפען, זיי זיינען אינטעליגענטער, זייער אַרבייט איז שעהנער, בעסער און אינטענסיווער, זיי אַרבייטען אויס אין דער זעלבער צייט מעהר פראָדוקטען, איידער פערגרעבטע און פער־שלאָגענע אַרבייטער; מען דאַרף נאָר פערגלייכען די אינטענסיוויטעט פון די אַרבייטער אין ענגלאַנד, דייטשלאַנד, אַמעריקאַ אויף איין זייט, און אין רוסלאַנד אויף דער אַנדער זייט.

נאָר כאָטש אַפילו עס איז קיין שום ספק ניט, אַז די אויסבעסערונג פון די אַרבייטסבעדינגונגען וואָלט געבראַכט נאָר אַ גרויסען נוץ פאַר דער אינדוסטריע, דאַרפען מיר זיך דאָך ניט אָבגעבען מיט פאַלשע האָפ־נונגען און רעכענען, אַז מיר וועלען איינריידען דער בורזשואַזיע, זי זאָל אונז מיט גוטען נאָכגעבען. מיר דאַרפען זיין פעסט אָרגאַניזירט און אויפגעקלערט, דאַן ערשט וועלען מיר זעלבסט שאַפען פאַר זיך גוטע בעדינגונגען און ניט וואַרטען, ביז מען וועט אונז געבען. וואָרום מיר וואָלטען געדאַרפט לאַנג וואַרטען. מיט 3 יאָהר צוריק זיינען אין אַלע גוברעניעס צונויפגערופען געוואָרען קאָמיטעטען פון אַדעל אין גוטסבעזיצער, זיי זאָלען אויסאַרבייטען פּראָיעקטען, ווי קען מען אויפהויבען די דאָרף־אינדוסטריע. אין די קאָמיטעטען זיינען געוועזען פיעלע ליבעראַלע מענער, אַזוי ליבעראַל, אַז דער מיניסטער פלעווע האָט איינע פער־שיקט אין אַרכאַנגעלסק און העררן סטרואווע האָט זיך ניט געקענט אָב־וואַזנדערען פון זייער מוטה און רעוואָלוציאָנערע געפיהלען; און דאָך האָבען דיזע קאָמיטעטען ניט געפאָדערט, ס'זאָלען אָבגעשאַפט ווערען די שטרענגע געזעצען, וועלכע דריקען די לאַנדאַרבייטער (באַטראַקעס), וועלכע גיבען זיי איבער אין די הענד פון די פּריצים.

איצטער לעבען מיר אין רוסלאַנד איבער אַ צייט פון קאָמיסיעס,

אין פֿינאַנץ-מיניסטעריום איז געווען צונויפֿגערופֿען אַ קאָמיסיע פֿון די פֿאַבריקאַנטען און זאַוואָדטשיקעס „וועגען די לאַגע פֿון די אַרבייטער". די הערן פֿאַבריקאַנטען זיינען געווען זעהר ראַדיקאַל, זיי האָבען אפילו געלאָזען דעם מיניסטער אַליין מיט זיינע בעאַמטע. אַז עס איז נאָר אָנ-געקומען די ידיעה, אַז דער רוסישער פֿלאָט איז שענדליך חרוב געוואָ-רען ביי צושימע; די הערן פֿאַבריקאַנטען האָבען אָפֿען געפֿאָדערט אַ קאָנסטיטוציע, אָבער וועגען די אַרבייטער האָבען זיי געזונגען איין ליע-דעלע: די אַרבייטער זיינען אונרוהיג, זיי שטרייקען, ווייל זיי ווילען פּאָליטישע רעפֿאָרמען, און עקאָנאָמיש האָבען זיי זיך ניט אויף וואָס צו קלאָגען; געבען זיי עקאָנאָמישע הנחות, ווי איינפֿיהרען אַ קורצען אַר-בייטסטאָג, פֿערבעסערען די געזעצען וועגען שטרייקען א. ז. וו. — דאָס וואָלט הייסען אונטערגראָבען די רוסישע אינדוסטריע. מיר וואָל-טען געקאָנט ברייגען נאָך הונדערטע ביישפּיעלען, נאָר מיר רעכענען, אַז די צוויי וועלען גענוג זיין, זיי בעווייזען די אַרבייטער-פֿריינדליכקייט פֿון די ליבעראַלע ערדבעזיצער און די ראַדיקאַלע פֿאַבריקאַנטען.

* * *

מיר פֿאָדערען אַ'ן אַ ר ב י י ט ע ר ג ע ז ע צ ג ע ב ו נ ג, ד. ה„ מיר ווילען, אַז די עקאָנאָמישע רעפֿאָרמען, וועלכע מיר וועלען דורכפֿיהרען, זאָלען אָנגענומען ווערען, אַלס געזעצען, און ניט אַלס איינפֿאַכע אָב-מאַכונגען צווישען יעדען פֿאַבריקאַנט און „זיינע" אַרבייטער. דאָס איז געווען אַ'ן אַלטע פֿערשימעלטע טעאָריע פֿון דער ליבעראַלער בורזשואַ-זיע, אַז די מלוכה דאַרף זיך ניט אַריינמישען און דאַרף לאָזען די בירגער, זיי זאָלען פֿריי פֿיהרען צווישען זיך דעם עקאָנאָמישען קאַמפּף. נאָך דער ליבעראַלער בורזשואַזיע האָבען זיך נאָכגעשלעפּט די ענגלישע פּראָפֿעסיאָנאַלע פֿעראיינען (טרעד-יוניאָנען) און האָבען אויך ניט גע-טראַכט וועגען איינוווירקען אווף דעם פּאַרלאַמענט, אויף די געזעצגע-בונג, זיי פֿלעגען שיקען אין פּאַרלאַמענט בורזשואַזע ליבעראַלען פֿאַר דעפּוטאַטען, האָבען ניט געהאַלטען פֿאַר נויטיג צו גרינדען אַ זעלבסט-שטענדיגע פּאָליטישע אַרבייטערפּאַרטיי. די ענגלישע אַרבייטער הויבען אויך אָן צו ווערען קליגער און די אַרבייטער אין די איבריגע אייראָפּיי-אישע לענדער זיינען לכתחילה ניט געגאַנגען מיט זייער וועג. יעדע הנחה, וואָס מען דערשלאָגט זיך פֿון די קאַפּיטאַליסטען, דאַרף תיכף בעפֿעסטיגט ווערען, אַלס אַ געזעץ; ערשטענס, וועלען דאַן אַלע אַר-בייטער געניסען די פֿערבעסערונג און ניט נאָר די, וועלכע האָבען גע-פֿיהרט דעם קאַמפּף, און צווייטענס, וועט די פֿערבעסערונג האָבען מעהר קיום. אַ איינפֿאַכע אָבמאַך מיט די אַרבייטער קען אַ קאַפּיטאַליסט לייכט ברעכען, אַ געזעץ עובר זיין איז ניט אַזוי גרינג. די פֿאַבריקאַנ-טען וועט אויסקומען סיידען אומענדערען אין פּאַרלאַמענט דעם געזעץ אויף אַ ערגערען, אָבער דאָס איז כמעט אונמעגליך. די אַרבייטערגע-זעצגעבונג געהט פֿאָרווערטס, אָדער שטעהט אויף איין אָרט, צוריק געהט זי אָבער געוועהנליך ניט, די בורזשואַזיע און איהר רעגירונג האָט אָבשיי געקראָגען פֿאַר דעם אַרבייטערקלאַס.

מיר פֿאָדערען אַ אַרבייטערגעזעצגעבונג פֿאַר אַלע, וואָס אַרבייטען פֿאַר שכירות, מעג דאָס זיין פֿאַבריק-אַרבייטער, פֿעלד-אַרבייטער, פּרי-קאַזשטשיקעס, היים-אַרבייטער (ד. ה. אַזעלכע, וועלכע אַרבייטען אין דער היים פֿאַר גרויסע מאַגאַזינען), פֿאַר דיענסטלויט (לאַקייען, קעכינס, דיענסטמיידלעך א. ז. וו.), פֿאַר אַרבייטער אין אונטערנעהמונגען, וואָס

געהערען דער מלוכה (אייזענבאַהנען למשל), פֿאַר ניעדעריגערע בעאַמטע. זיי ווערען אַלע גלייך עקסילואַטירט און די היים-אַרבייטער, דיענסטלייט, די פּריקאַזשטשיקעס, די אַרבייטער אין קליינע ווערקשטאַטען — געוועהנליך נאָך מעהר איידער די אַרבייטער אויף גרויסע פֿאַבריקען.

די פֿאָדערונגען, וועלכע מיר וועלען אַרויסשטעלען אין די פֿאָלגענדע קאַפּיטלען, זיינען אַזוי קלאָר און פֿערשטענדליך, אַז ס'איז גאָר ניט נויטיג אויספֿיהרליך אַרומצורייען זיי.

# I. נאָרמאַלע ארבייטסצייט.

אונטער נאָרמאַלע אַרבייטסצייט פֿערשטעהען מיר די פֿאָדערונג, אַז די אַרבייטער זאָלען ניט פֿערליערען זייערע כוחות אַרבייטענדיג; די קאַפּיטאַליסטען ווילען אַרויסשלאָגען פֿון דעם אַרבייטער ריוח וויפֿיעל זיי קענען נאָר און לאָזען איהם אַרבייטען אָהן אַ שיעור, 12 אין 15 שעה אין טאָג, ביי טאָג און ביי נאַכט, שבת (זונטאָג) און יום-טוב. אַהוץ דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטען עקספּלואַטירען דערמיט דעם אַרבייטער, דערגרייכען זיי נאָך דורך דעם אַ'ן אַנדער ציעל: אַרבייטען די אַרבייטער צופֿיעל, מוזען בלייבען אַ סך גאָר אָהן אַרבייט; זיי זוכען אַרבייט און שלאָגען אַראָב די שכירות; און דער פֿאַבריקאַנט מאַכט גלאַט דאָן קיין צערעמאָניעס ניט מיט די אַרבייטער: „געפֿעלט אייך ניט, זאָגט ער, טאָ געהט, וואוהין איהר ווילט, איך האָב צעהן אָנשטאָט איינעם פֿון אייך". צו די פֿאָדערונגען פֿון נאָרמאַלער אַרבייטסצייט געהערט פֿאָלגענדעס:

## 1) אַכט-שטונדיגער אַרבייטסטאָג.

די ענטוויקלונג פֿון דער אַרבייטער-געזעצגעבונג פֿיהרט מיט נויטווענדיגקייט צו דער ערפֿילונג פֿון דיעזער פֿאָדערונג; אין פֿיעל פֿאַבריקען און זאַוואָדען איז שוין די אַכט-שטונדיגע אַרבייט אַיינגעפֿיהרט; די פֿאַבריקאַנטען, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען צו דיעזער סיסטעם, קענען זיך ניט אָבלויבען; דאָס איז פֿאַר זיי נאָך בעסער איידער אַ צעהן-שטונדיגער טאָג; די אַרבייטער דאַרפֿען ניט איבערייסען די אַרבייט אויף צוויי אָנגערעהאַלבען שעה אויף וואַרעמעס עסען, זיי בעקומען נור אַ האַלבע שעה, וואָרום 2 אַזויגער (אויב עס הויבט זיך אָן די אַרבייט 6 אין דערפֿריה) זיינען זיי שוין פֿריי און געהען אַהיים. אין די קראָמען קען די אַרבייטסצייט זיין למשל, פֿון 9 ביז 3 אָדער פֿון 10 ביז 4. דערוועיזען, ווי גוט פֿאַר די אַרבייטער איז אַזאַ אָרדנונג און וואָס וועלען זיי טהאָן מיט דער פֿרייער צייט, האַלטען מיר פֿאַר איבריג.

## 2) די נאַכטאַרבייט.

די נאַכט אַרבייט, פֿון 8 ביי נאַכט ביז 6 אין דערפֿריה דאַרף זיין פֿערוועהרט; די נאַכט איז דאָ אויף צו רוהען; די אויפֿמערקזאַמקייט איז ביי נאַכט פֿיעל שוואַכער, דער גוף שוואַך און צובראָכען; ביי נאַכט פּאַסירט ביי דער אַרבייט פֿיל מעהר אונגליקען איידער ביי טאָג. ביי טאָג קענען זיך די אָנגעהאָרעוועטע אַרבייטער ניט אַזוי גוט אויסרוהען, אויב זיי האָבען די נאַכט געאַרבייט. אויסנאַהמען קענען זיין נור אין אַזעלכע פֿאַבריקען, וואו מען קען די אַרבייט ניט לאָזען אין מיטען, (למשל, געוויסע כעמישע פֿאַבריקען), אָבער דאָס דאַרף געשעהען מיט

דער צושטימונג פֿון דער אַרבייטערארגאַניזאַציע און אונטער איהר קאָנט-ראָל; און עס פֿערשטעהט זיך, אַז עס דאַרפֿען בלייבען אין פֿאַבריק ביי נאַכט נור די אַרבייטער, וועלכע דאַרפֿען אויספֿיהרען די נויטוועג-דיגע אַרבייט, אַלע איבריגע דאַרפֿען געהען אַהיים. אין שוויין געהען ניט ביי נאַכט (געוועהנליך פֿון 11 ביז 5) די צוגען און די מאַשיניס-טען, די קאָנדוקטאָרען האָבען קיינע נאַכטאַרבייט.

## 3) איבערשטונדען.

דער געזעץ, וועלכער בעשטימט די אַרבייטסצייט, לאָזט צו אָפֿט אויסנאַהמען, וועלכע זיינען מבטל דאָס, וואָס דער געזעץ האָט געגע-בען; זיי גיבען דעם קאַפּיטאַליסט די מעגליכקייט פֿערלייגערען דעם אַרבייטסטאָג עטליכע מאָל אין חודש. מען זאָגט געוועהנליך: מען מוז געבען דעם קאַפּיטאַליסט די מעגליכקייט אויספֿיהרען די אַרבייט, ווען ער האָט פֿיעל בעשטעלונגען, און עס איז גוט פֿאַר דעם אַרבייטער, ווען ער פֿערדיענט איבריגע עטליכע רובל. אויף דערויף קענען מיר זאָגען, אַז דער פֿאַבריקאַנט קען איינשטעלען נאָך עטליכע אַרבייטער (אָדער דער סוחר נאָך פּריקאַזשטשיקעס), אויב ער האָט פֿיעל בעשטעלונגען. אַרבייטסלאָזע וועט ער אַלעמאָל געפֿינען גענוג. און דער אַרבייטער דאַרף גאָר ניט האָבען די מעגליכקייט צו פֿערדיענען עטליכע רובל דורך דעם, וואָס ער וועט שטעלען אין געפֿאַהר זיין געזונדהייט; איז איהם ווייניג די שכירות, לאָז ער בעסער קעמפּפֿען פֿאַר העכערע שכירות, אָבער ניט בענוגענען זיך מיט ווייניג שכירות און פֿערדיענען עטוואָס מעהר דורך איבערשטונדען.

## 4) איינמאָל אין וואָך דאַרפֿען אַלע אַרבייטער צו דער גלייכער צייט בעקומען 42 שטונדען נאָכאַנאַנד רוהע.

די אַרבייטער מוזען האָבען איין טאָג אין וואָך, וועלכער זאָל זיי אין גאַנצען געהערען; זיי זאָלען פֿון זיך אַראָבוואַרפֿען די אַרבייטס-קליידער און זאָלען זיך פֿיהלען אַלס פֿרייע מענשען. מיר פֿאָדערען אָבער 42 שטונדען, וואָרום אין דעם לעצטען טאָג (פֿרייטאָג ביי אידען, שבת ביי קריסטען) דאַרף די אַרבייט שוין אויפֿהערען מיט עטליכע שטונדען פֿריהער איידער אַלע מאָל, כדי זיי זאָלען האָבען צייט אויף צוגרייטען זיך צום יום-טוב, און אויף מאָרגען, נאָך דעם רוהע-טאָג, דאַרף די אַרבייט זיך אָנהויבען מיט אַ פּאָר שטונדען שפּעטער, כדי די אַרבייטער זאָלען קענען זיך אויסרוהען, ווייל זיי קומט געוועהנליך אויס אין דעם רוהע-טאָג צולעגען זיך שפּעט שלאָפֿען איבער דעם, וואָס זיי זיינען גע-ווען אויף אַ פֿערזאַמלונג, געגאַנגען שפּאַצירען א. ז. וו. 42 שטונדען וועלען מיר האָבען, ווען די אַרבייט וועט אויפֿהערען פֿרייטאָג, למשל, 2 אַ זייגער און וועט זיך אָנהויבען זונטאָג 8 אַ זייגער. דער רוהע טאָג דאַרף זיין פֿאַר אַלע אַרבייטער דערזעלביגער און ניט איין טייל אַרביי-טער געבען דעם זונטאָג פֿריי, דעם אַנדערן טייל מאָנטאָג א. ז. וו. דאָס איז נויטיג, כדי די אַרבייטער זאָלען זיך קענען אַלע צוזאַמען פֿערזאַמלען, בעשפּרעכען זייערע אינטערעסען, לעזען, דיסקוטירען א. ז. וו.

# II. דער שוץ פֿאַר קינדער און פֿרויען.

קינדער ביז 16 יאָהר געהערען דער שול, זיי דאַרפֿען זיך בילדען און

ענטוויקלען זייער קערפּער און גייסט, און יעדע מלאכה און מסחר דאַרף זיין פֿאַר זיי פֿערוועהרט. יונגע לייט פֿון 16 ביז 18 יאָהר (סיי מענער, סיי פֿרויען) דאַרפֿען אַרבייטען נור 6 שעה אַ טאָג און בשום אופן ניט ביי נאַכט. ווי קענען מיר אָבער פֿערוועהרען אָרעמע עלטערן, זיי זאָלען ניט אַוועקגעבען פֿריהער זייערע קינדער אין פֿאַבריק אָדער קראָם, כדי די קינדער זאָלען ביי זיי ניט זיצען אויף׳ן האַלז און זאָלען, פֿערקעהרט, שוין אָנהויבען אונטערצושטיצען די עלטערן? יע, מיר האָבען דאָס מאָ-ראַלישע רעכט צו פֿערוועהרען קינדער-אַרבייט; די קינדער זיינען ניט נור קינדער פֿאַר זייערע עלטערן, נור זיי זיינען נאָך קינפֿטיגע בירגער, די מלוכה וועט זיין אַלץ שטאַרקער, העכער אין ענטוויקלונג און רייכער, וואָס געזינדער און ענטוויקעלטער די בירגער וועלען זיין. דערפֿאַר מוזען אַזעלכע געזעצען אַרויסגעגעבען ווערען. אין דעם קאַפּיטעל וועגען פֿאָלקס-שול האָבען מיר אַרויסגעשטעלט די פֿאָדערונג, אַז ביז 16 יאָהר דאַרפֿען די קינדער אויסגעהאַלטען ווערען אויף די קאָסטען פֿון דער מלוכה, דאָס וועט ערלייכטערן אָרעמע עלטערן זייער לאַגע. אין אויסער דעם דאַרפֿען מיר פֿעסט געדענקען, אַז די קינדער-אַרבייט איז נאָר אַ טובה פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסט. וועט דער געזעץ פֿערוועהרען קינדעראַרבייט, וועלען די אַרבייטער זיין גרעסערע בעלי-הוצאות און וועלען געוויס פֿאָדערן און בעקומען העכערע שכירות פֿאַר זייער אַר-בייט; אויסערדעם — און דאָס איז דער עיקר — וועלען די אַרבייטער ניט האָבען אויף זיך אַזאַ געפֿעהרליכע קאָנקורענץ, ווי די קינדעראַרבייט.

מיר פֿאָדערן נאָך אַ בעזונדערן שוץ פֿאַר פֿרויען. מיר דאַרפֿען זאָרגען פֿאַר איהר געזונד, בשעת זי איז אויף דער צייט; מיר דאַרפֿען זאָרגען, אַז זי זאָל זיך ניט נעהמען גלייך נאָך דער געבורט פֿאַר דער אַרבייט, ווארום די מעדיצין לערנט אונז, אַז פֿיעלע זעהר שווערע קראַנקהייטען, וואָס פֿערביטערן דעם לעבען פֿון דער פֿרוי, קומען דערפֿון, וואָס פֿרויען שטעהען אויף און האָרעווען גלייך נאָך׳ן קינפּעט. דערפֿאַר פֿאָדערן מיר, אַז וועניגס-טענס 4 וואָכען פֿאַר דעם האָבען און 6 וואָכען נאָך דעם האָבען זאָל די פֿרוי בעפֿרייט זיין פֿון אַרבייט און זאָל בעקומען פֿאַר דיזע צייט איהרע געוועהנליכע שכירות. — אויסערדעם דאַרף די נאַכטאַרבייט פֿאַר פֿרויען אין גאַנצען פֿערוועהרט ווערען.

## III. שוץ פאר די געזונדהייט פון די ארבייטער (היגיענישע פאדערונגען). *)

### 1) שעדליכע מלאכות.

עס זיינען דאָ אַזעלכע אַרבייטען, וועלכע שעדיגען זעהר ערנסט די געזונדהייט, למשל, אַרבייטען מיט בליי-פֿאַרבען, מיט שוועבעל און פֿאָספֿאָר, שלייפֿען מעטאַל און שטיינער און אַז. וו. די שעדליכע מלאכות דאַרפֿען גאָר פֿערוועהרט ווערען, אָדער עס מוזען איינגעפֿיהרט ווערען אַלע נייעסטע טעכנישע פֿערבעסערונגען, ווי, למשל, ביי אַרבייט מיט שוועבעל א. ד. ג. אַ גוטע ווענטילאַציע (לופֿט רייניגונג); אין אין אַזעלכע מלאכות דאַרפֿען די אַרבייטער זיין פֿערנומען העכסטענס 5-4 שעה אין טאָג און, פֿערשטעהט זיך, ערהאַלטען שכירות פֿאַר אַ גאַנצען טאָג. אין זאָלינגען (אין דייטשלאַנד, בעריהמט דורך גרויסע מעטאַל-פֿאַבריקען) זיינען פֿון הונדערט געשטאָרבענע מענער 15 געוועזן אין

*) היגיענע איז די וויסענשאַפֿט צו פֿערהיטען די געזונדהייט.

דעם אַלטער פֿון 20 ביז 30 יאָהר; אָבער אויב מיר זאָלען נעהמען נור די זאָלינגער שלייפֿער, וועלען זיך געפינען צווישען 100 געשטאָרבענע שלייפֿער 41 (!!) אין דעם אַלטער פֿון 20 ביז 30 יאָהר. די ווייכע הערצער, די בורזשואַזע אידעאַליסטען, וועלכע קעמפּפֿען אַנט-קעגען דעם קריעג (און דער קאַמפּף בעשטעהט אין דעם, וואָס מען שיקט פעטיציעס צו די קיסרים, צו ניקאָלאַי דעם צווייטען), מאַכען זיך ניט זעהענדיג די קרבנות פֿון מענשען און בלוט, וואָס דער קאַפּיטאַליזם פֿאָדערט אַלע יאָהר אויף זיין מזבח! „קריעג און פֿריעדען" — מיט די ווערטער קען מען אַם בעסטען כאַראַקטעריזירען די היינטיגע געזעלשאַפֿט: אין פֿריעדען-צייטען האָבען מיר ניט וועניגער קרבנות, איידער אויף אַ'ן אמת'ער מלחמה.

## 2) טעכנישע און סאַניטאַרע אויפֿזיכט.

ניט נור בעצם שעדליכע מלאכות, נאָר אפילו געוועהנליכע מלאכות קענען צושטערען די געזונדהייט, אויב זיי זיינען שלעכט אָרגאַניזירט. דערפֿאַר דאַרף זיין, ערשטענס, אַ טעכנישע אויפֿזיכט, ד. ה., אינזשענע-רען דאַרפֿען אַכטונג געבען, צו זיינען די מאַשינעס אין אָרדנונג, צו זיינען פֿאָרגענומען געוואָרען אַלע מיטלען, אַז ביי די מאַשינעס זאָלען ניט פֿאָרקומען קיין אונגליקען, צו זיינען גוט געבויט די בערגווערקען, אַז אַרבייטער זאָלען ניט פֿערשאָטען ווערען לעבעדיגערהייט, צו זיינען ריכטיג געמאַכט געוואָרען די רעשטאָוואַניעס ביים בויען הייזער, אַז די אַרבייטער, וואָס בויען, טראָגען ציגעל, זאָלען ניט גע'הרג'עט ווערען א. ז. וו. צווייטענס, דאַרף זיין אַ סאַניטאַרע (ד. ה., וואָס געהערט צו געזונדהייט) אויפֿזיכט; דאָקטוירים און אינזשענערען אינאיינעם דאַר-פֿען זעהען, צו איז דאָ גענוג לופֿט און ליכט, וואו אַרבייטער אַרבייטען, צו ווערט גוט אַרויסגעצויגען דער שטויב אין וואָל-פאַבריקען, מעהל-מילען און ז. וו. צו איז דאָ ריינע וואַסער אויף צו טרינקען, צו האָבען די אַרבייטער ריינע און וואַרעמע צימער נעבען דער פֿאַבריק (אָדער דעם מאַגאַזין), וואו זיי זאָלען זיך קענען איבערטהאָן, וואַשען, עסען.

די קאַפּיטאַליסטען האַלטען נור פֿון אַזעלכע הוצאות, וועלכע קענען פֿערגרעסערן דעם ריוח. אָבער זאָרגען, אַז די אַרבייטער זאָלען ניט בעקומען קיין רעוומאַטיזם אין פֿאַבריק, זאָרגען, אַז די מאַשינען זאָלען ניט צוריסען מענשען אויף שטיקער, דאָס איז ניט זייער זאַך, אויף דערויף וועלען זיי קיין געלד מיט גוטען ניט אויסגעבען. דערפֿאַר פֿאָ-דערן מיר, אַז די אינזשענערען און דאָקטוירים, אויף וועלכע עס ליגט די טעכנישע און סאַניטאַרע אויפֿזיכט, זאָלען ניט זיין אָבהענגיג פֿון די קאַפּיטאַליסטען, וואָרום דאַן וועט די אויפֿזיכט אַ גראָשען ניט ווערטה זיין. אפילו אין רוסלאַנד עקזיסטירען געזעצען וועגען די געזונדהייט פֿון די אַרבייטער, אָבער די קאַפּיטאַליסטען לאַכען זיך אויס פֿון זיי, ווייל די אויפֿזיכט געפֿינט זיך אין די הענד פֿון בעאַמטע און פּאָליציי. מיר פֿאָדערן, אַז די טעכנישע און סאַניטאַרע אויפֿזעהער זאָלען אויס-געקליבען ווערען דורך די אַרבייטער, זאָלען ערהאַלטען געהאַלט פֿון דער אָרטספערוואַלטונג (און ניט פֿון די קאַפּיטאַליסטען) און זאָלען פֿיהרען די אויפֿזיכט צוזאַמען מיט דעפּוטאַטען פֿון די אַרבייטער.*)

---

*) ווי וויכטיג עס איז די סאַניטאַרע אויפֿזיכט, קענען מיר זעהען אפילו פֿון אַזאַ קלייניגקייט. וואָס דאַרף דאָס קאָסטען דעם רייכען סוחר צו זאָרגען, אַז אין מאַגאַזין זאָלען זיך געפֿינען גענוג שטולען, אַז אַלע פּריקאַזטשיקעס און פּריקאַזטשיצעס זאָלען קענען זיצען? און דאָך אָהן

### 3) אַמבולאַטאָריעס.

בּיי יעדער גרעסערער פאַבריק, זאַוואָד און ז. וו. דאַרף זיך געפינען אַ קליינער שפּיטאָל, וואו מען זאָל קענען געבען דעם אַרבייטער „די ערשטע הילף״ ביי אַ׳ן אונגליק.

### 4) יאַסליעס פאַר קינדער.

די בורזשואַזיע טראַכט אויס אויף די סאָציאַלדעמאָקראַטען בלבולים, אַז ביי אונז איז גאָר נישט ניט הייליג, אַז מיר ווילען די פאַמיליע צו־שטערען. וואָס מיר ווילען, דאָס פערשטעהען די בורזשואַזיע צבוע׳קעס געוויס ניט, אָבער ווער עס טהוט שענדליכע מעשים—דאָס זיינען די קאַ־פּיטאַליסטען. זיי רייסען אָב דעם פאָטער פון זיין ווייב און קינדער; זיי רייסען אָב די מוטער פון די קינדער; די קינדער זיינען הונגעריג, שמו־ציג, אָהן אויפזיכט, איינער אַליין אין דער היים; וויפיעל קינדער ווערען דורך דעם פערברענט, דערטרונקען, צוקאַליעטשעט פון חזרים א. ז. וו. דערפאַר ווילען מיר, אַז נעבען יעדער פאַבריק, ווערקשטאַט, זאָל זיין אַ׳ן אָרט (עטליכע ריינע צימערן), וואוהין די מוטער זאָל קענען ברייננגען איהרע קליינע קינדער; עס זאָלען זיין ניאַניעס, וועלכע זאָלען אַרומגעהן אַרום די קינדער; זיינען נאָך די קינדער קליין און די מוטער זייגט זיי נאָך, דאַרף די מוטער אַלע 3 שעה האָבען אַ פרייע האַלבע שעה אָנצוזויגען דאָס קינד. אַזעלכע איינריכטונגען רופען זיך אָן יאַסליעס. פערשטעהט זיך, אַז פון אַ קליינעם פאַבריקאַנט, ביי וועמען עס אַרבייטען אפשר מעהר ניט ווי 5 פרויען, קען מען ניט פאָדערן, ער זאָל בויען אַ יאַסליע; דאָ מוז קומען צו הילף די שטאָדט- אָדער דאָרף-פערוואַלטונג און אויפבויען די נויטיגע יאַסליעס.

## IV. די שטראַפען דאַרפען בטל ווערען.

אין רוסלאַנד עקזיסטירט אַזאַ געזעץ וועגען שטראָפען: „... די פיהרער פון די פאַבריקען קענען מיט זייער אייגענער מאַכט אַרויפלייגען און אויפנאָהמען פון די אַרבייטער געלד-שטראָפען: 1) פאַר ניט גוטע אַרבייט, 2) פאַר ניט קומען צו דער אַרבייט און 3) פאַר די שטערונג פון דער אָרדנונג... די שטראָפען טאָרען בסך הכל ניט זיין העכער, איידער אַ דריטעל פון דעם אַרבייטערס פערדיענסט. ווען דער אויפזעהער פון דער פאַבריק אָדער זאַוואָד לייגט אַרויף אויף דעם אַרבייטער אַ שטראָף, קען מען זיך אויף איהם ניט קלאָגען״. אין דער אמת׳ן שטראַפירט ניט נור דער אויפזעהער פון דער פאַבריק, נאָר יעדער מייסטער, עלטערער אַרבייטער און ז. וו.

ווי ווייט דאָס סיסטעם פון שטראָפען איז פערברייטעט, קען מען זעהען פון דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק פון דעם פינאַנץ-מיניסטעריום: לויט די בעריכטען פון די פאַבריק-אינספעקטאָרען פאַר 1902 יאָהר,

---

אַ געזעץ וועגען דעם און אָהן מענשען, וועלכע זאָלען אַכטונג געבען, אַז דער געזעץ זאָל אויסגעפיהרט ווערען, וועט גאָר נישט ניט זיין. דאַכט זיך אַ קלייניגקייט אַ שטול, אָבער פרעגט ביי דעם פריקאַזשטשיק, וועלכע קראַנקהייטען ער בעקומט פון דעם, וואָס ער דאַרף אַ גאַנצען טאָג נאָכאַנאַנד שטעהן אויף די פיס, פרעגט ביי דער פריקאַזטשיצע — דאָס ווייס נור זי און די דאָקטוירים.

האָט מען אויפֿגעמאָהנט שטראָפֿען פֿין די אַרבייטער אויף 4831 אינ-דוסטריעלע אונטערנעהמונגען (29,9 % פֿון די פּערצייכענטע אונטער-נעהמונגען), וואו עס אַרבייטען 1,233,737 אַרבייטער (72,1 % פֿון דער גאַנצער צאָהל פֿערצייכענטע אַרבייטער); געשטראָפֿירט האָט מען דיזע אַרבייטער 572 2,815 מאָל און אויפֿגעמאָהנט האָט מען ביי זיי 529,465 רובל 59 קאָפּ שטראָף.

אויף אַזאַ אופֿן זעהען מיר, אַז נור פֿון אַ טייל אַרבייטער האָט מען פֿאַר אַ יאָהר צייט אַרויסגעפּרעסט מעהר איידער אַ האַלבען מיליאָן רובל שטראַפֿען. און דאָס גיט נאָך ניט קיין ריכטיגע פֿאָרשטעלונג וועגען די שטראַפֿען אין רוסלאַנד. מען דאַרף ניט פֿערגעסען, אַז, ערשטענס, איז עס ניט מעהר ווי אַ׳ן אָפֿיציעלע סטאַטיסטיק, ד. ה., ניט קיין גענויע, און, צווייטענס, זיינען ביי אונז דאָ גאַנצע אינדוסטריע-צווייגען, וואָס געפֿינען זיך איבערהויפּט ניט אונטער דער אויפֿזיכט פֿון די פֿאַבריק-אינספּעקטאָרען. די פֿאַבריק אינספּעקטאָרען גיבען ניט אַכטונג אויף ווערקשטאַטען, אין וועלכע מען אַרבייט אָהן מאַשינען, אויף די בערג-אינדוס-טריע, און די מיליאָנען דאָרף-אַרבייטער שטעהען אויך ניט אונטער זייער השגחה. וואָלט מען דאָס אַלץ גערעכענט, וואָלט מען געדאַרפֿט די ציפֿערן פֿון פֿינאַנץ-מיניסטעריום אין צווייען אָ־ער אין דרייען פֿערגרעסערן.

אַ חוץ דעם מאַטעריעלען שאָדען, וואָס די אַרבייטער האָבען דורך די שטראַפֿען, איז דאָס גייסטיג נאָך שווערער אַריבער צו טראָגען. די מענשענווירדע פֿין די אַרבייטער ווערט געטראָטען מיט די פֿיס, מען שטראָפֿט זיי, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען געווען אַרעסטאַנטען אָדער קליינע קינדער, און בפֿרט, אַז אָפֿט זיינען זיי גאָר ניט שולדיג; דער פֿאַברי-קאַנט פֿיהרט ניט אַריין קיינע נייע מאַשינעס, גיט שלעכטע מאַטעריאַלען צום אַרבייטען, די פּראָדוקטען קומען אַרויס דערפֿאַר ניט גוט; דער אַרבייטער ווערט אויסגעריסען, די אַרבייט דויערט לענגער, די האָרע-וואַניע איז פֿיעל גרעסער, און אַלס אַ צוגאַב, קומט דער פֿאַבריקאַנט, בראַקירט די סחורה, צאָהלט ניט אויס די גאַנצע שכירות און לעגט נאָך אַרויף אַ שטראָף פֿאַר וואָס די אַרבייטער אַרבייטען שלעכט.

פֿאַר אַ געלד שטראָף דאַרף מען אויך רעכענען דעם איינפֿיהר ניט צולאָזען דעם אַרבייטער צו דער אַרבייט, אויב ער האָט פֿערשפּעטיגט אויף 5 מינוטען אָדער אויף אַ פֿיערטעל שטונדע און דורכדעם פֿערליערט ער די שכירות פֿון אַ האַלבען אָדער גאָר פֿון אַ גאַנצען טאָג.

מיר פּראָטעסטירען געגען יעדען מין שטראָף פֿאַר די אַרבייטער; מיר האָבען שוין אויבען געזאָגט, בשעת עס איז געווען די רייד וועגען די רעכטען פֿון די בירגער, אַז שטראָפֿען אַ בירגער קען נור דאָס געריכט, אָבער ניט דער קאַפּיטאַליסט, ווען דער אַרבייטער פֿערקויפֿט זיין אַרבייטסקראַפֿט. איז דער אונטערנעהמער ניט צופֿרידען מיט דעם אַרבייטער, קען ער אויף איהם דערלאַנגען אין געריכט, אָבער ניט שטראָ-פֿען איהם מיט דער אייגענער געוואַלט: דער אַרבייטער פֿערקויפֿט זיין קראַפֿט, אָבער ניט זיין מענשענווירדע און ניט די בירגערליכע רעכ-טען, וועלכע די קאָנסטיטוציע בעוואָרענט איהם.

## V. טרוק־סיסטעם.

מען רעדט וועגען „טרוק-סיסטעם״, ווען די פֿאַבריקאַנטען צאָהלען פֿאַר די אַרבייט ניט מיט מזומן׳ע געלד, נאָר מיט סחורה; זיי רעכענען טייער און גיבען שלעכטע סחורה. עס איז אַזוי קלאָר, אַז אַ קינד פֿער-שטעהט דאָס אויך, אַז ווי באַלד דער אַרבייטער האָט ניט קיין באַרע

געלד און מוז נעהמען נור אין איין קראָם, וועט מען מיט איהם טהאָן, וואָס מען וויל.

זעהר עהנליך צום טרוק-סיסטעם איז דער פֿאָלגענדער מין עקספּלואַטאַציע פֿון די אַרבייטער. די קאַפּיטאַליסטען האָבען רק אין זינען, ווי צו פֿערבעסערען די לאַגע פֿון „זייערע" אַרבייטער, און בויען אויס „קאַזאַרמעס" נעבען פֿאַבריק אָדער זאַוואָד; זיי פֿערדינגען דירות די אַרבייטער; די דירה-געלד רעכענען זיי אָב פֿון די שכירות; די אַרבייטער זיינען ביי זיי אין די הענד. הויבט זיך אָן אַ שטרייק, סטראַשען זיי (און טהוען דאָס טאַקי), אַז זיי וועלען אַרויסוואַרפֿען די אַרבייטער אויף'ן גאַס. די דירה-געלד איז הויך, די דירה איז שלעכט. מיר קענען ניט פֿערוועהרען אַ קאַפּיטאַליסט בויען הייזער און פֿערדינגען דירות, אָבער מיר פֿאָדערען, אַז דירה און פֿאַבריק זאָלען ניט זיין פֿערפֿלאָכטען מיטאיינאַנדער: דער פֿאַבריקאַנט טאָר ניט נויטען די אַרבייטער צו וואָהנען דוקא אין זיינע דירות, טאָר ניט אָברעכענען די דירה-געלד פֿון די שכירות, טאָר ניט אַרויסוואַרפֿען דעם אַרבייטער אין מיט'ן דערינגען פֿון דער דירה, מיט איין וואָרט, דער אַרבייטער דאַרף ביי איהם זיין אַ שכן גלייך מיט אַלע אַנדערע שכנים, וואָס אַרבייטען ניט אויף זיין פֿאַבריק.

דאָ איז נאָך כדאי אָנצואווייזען אויף נאָך אַ מעכטיגען מיטעל צו עקספּלואַטירען די אַרבייטער, וועלכער בעשטעהט אין דעם, וואָס די אַרבייטער בעקומען פֿון די קאַפּיטאַליסטען די נויטיגע מאַטעריאַלען, זיי אַרבייטען ביי זיך אין דערהיים און פֿערקויפֿען דערנאָך די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען, למשל, די אויסגעוועבטע געוואַנד, די אויפֿגענעהטע קליידער דעם זעלביגען קאַפּיטאַליסט, ביי וועמען זיי האבען גענומען די מאַטעריאַלען צו זייער אַרבייט. דער רייכער קאַפּיטאַליסט שטעלט אויף די מאַטעריאַלען אַזאַ מקח, וועלכען ער וויל און די פּראָדוקטען נעהמט ער צו פֿון די אַרבייטער בזול הזול, ער זויגט אויס די בלוט פֿון דיעזע כלומר'שט זעלבסטשטענדיגע אַרבייטער. דיעזער מין עקספּלואַטאַציע מוז זיין פֿערבאָטען.

## VI. די שכירות דאַרף אויסגעצאהלט ווערען אלע וואך.

עס איז נאָך וועניג צו פֿאָדערען, די שכירות זאָל אויסגעצאָהלט ווערען מזומן. וואָס וועט טהאָן דער אַרבייטער, דער פּריקאַזשטשיק, דער קליינער בעאַמטער, אַז מען וועט איהם צאָהלען אַלע צוויי וואָכען, אַלע חודש? וועט ער אַריינפֿאַלען אין די הענד פֿון אַ'ן אַנדער בלוטזויגער, ביי וועמען ער וועט נעהמען סחורה אויף באָרג; און די אָרימע מענשען ווייסען זעהר גוט, וואָס איז דאָס נעהמען סחורה אויף באָרג: מען קומט אין קראָם און מען שטעהט געבען טיר, אַקוראַט ווי דער קרעמער גיט אַ נדבה, ער זידעלט אַ פֿריהער גוט אויס, צאַפּט אויס די בלוט פֿון אונטער די נעגעל, און דערנאָך דערבאַהרעמט ער זיך, גיט די ערגסטע סחורה און ניט וויפֿיעל מען וויל א. ז. וו. די שכירות דאַרף אויסגעצאָהלט ווערען אַלע וואָך און ניט נאָך דער אַרבייט, נור בעת דער אַרבייטסצייט; דאַן וועט דאָס ציגעהן אַביסעל גיכער, און די אַרבייטער וועלען ניט אָבזיצען עטליכע שטונדען אין קאָנטאָר, ביז זיי וועלען ערהאַלטען די שכירות.

## VII. די מלוכה־פערזיכערונג פון די ארבייטער.

בשעת אַ קראַנקהייט, אַ׳ן אונגליק, אָדער אויף דער עלטער, אָדער אַז דער פאָטער אָדער די מוטער שטאַרבט און עס בלייבען קליינע קינדער — אין אַלע דיזע פֿאַלען דאַרף מען די אַרבייטער פֿערזאָרגען מיט מיטלען צום לעבען, אַנדערש געזאָגט: מיר פֿאָדערען פֿערזיכערונג פֿון קראַנקהייט, אונגליק, אַלטער און טוידט. מען דאַרף זיך אבגעוויינען פֿון דעם פֿאַלשען געדאַנק, אַז דער אַרבייטער בעקומט שכירות ביי דעם קאַפּיטאַליסט און אויס! דורך זיין אַרבייט ברייננגט ער נוצען דער גאַנצער מדינה! מיט וואָס איז די אַרבייט פֿון אַ שוסטער, שניידער, וועבער, פֿעלדאַרבייטער, פריקאַזשטשיק א. ז. וו. וועניגער ניצליך און אָנגענומען, איידער די „אַרבייט״ פֿון אַ׳ן אָפֿיציר, פּאָליציסט, אַקציזנעם? מיר רעכענען נאָך אַקוראַט פֿערקעהרט; און דאָך צאָהלט די רעגירונג פענסיעס די בעאַמטע. און די ארבייטער, אַז זיי ווערען אַלט און קראַנק, דאַרפֿען זיך וואַלגערען אויפֿ׳ן גאַס. אין דייטשלאַנד איז שוין די פֿערזיכערונג איינגעפֿיהרט געוואָרען מיט אַ צייט צוריק (אמת מיט אַ סך הסרונות), אין פֿראַנקרייך וועט דאָס אויך געוויס אין גיכען אַיינגעפֿיהרט ווערען.

## VIII. די ארבייט פון סאלדאטען און ארעסטאנטען.

קאַפּיטאַליסטען נעהמען אָפֿט סאָלדאַטען און אַרעסטאַנטען אויף אַרבייט; די סאָלדאַטען האָבען פֿרייע דירה און קעסט אין קאַזאַרמע און אַרבייטען דערפֿאַר ביליגער; זיי דריקען דערמיט אַראָב די שכירות ביי אַלע ארבייטער. מיר פֿאָדערען, אַז ביי די קאַפּיטאַליסטען זאָל אָבגענומען ווערען די מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט דער אַרבייט פֿון די סאָלדאַטען און אַרעסטאַנטען געגען די פֿרייע אַרבייטער.

## IX. די גאראנטיען (בעווארענעס), אז די ארבייטער־געזעצען זאלען אויסגעפיהרט ווערען און ניט בלייבען אויפ׳ן פאפיער.

געזעצען האָבען נור דאַן אַ ווערדע, ווען עס זיינען דאָ מענשען אויף וועלכע עס ליגט די פֿליכט זיי זאָלען זעהען, אַז די געזעצען זאָלען ערפֿילט ווערען, דערפֿאַר פֿאָדערען מיר:

### 1) אינספעקטאָרען.

אין אַלע שטעדט (אין גרויסע שטעהט עטליכע אינספעקטאָרען) און דערפֿער דאַרפֿען זיין אַרבייט-אינספעקטאָרען, זיי דאַרפֿען אַכטונגגעבען, אַז אַלע ארבייטערשוץ-געזעצען זאָלען אָבגעהיט ווערען, פֿון צייט צו צייט דאַרפֿען זיי פֿערעפֿענטליכען אַלץ, וואָס זיי האָבען בעמערקט אין דיזער צייט. זיי דאַרפֿען זיין אויסגעקליבען דורך די אַרבייטער. אונטער זייער אויפֿזיכט דאַרפֿען זיך געפֿינען אַלע אונטערנעהמונגען, וואו עס אַרבייטען אַרבייטער: פֿאַבריקען און זאַוואָדען, ווערקשטאַטען, קראָמען און מאַגאַזינען, אייזענבאַהנען, פּאָסט און טעלעגראַף, הויזאינדוסטריע א. ז. וו. פֿערשטעהט זיך, אַז די אויפֿזיכט פֿון דער אינספעקציע דאַרף אויך פֿערברייטערט ווערען אויף די פֿעלדאַרבייטער און דינסטלייט. די מלוכה עקספלואַטירט אָפֿט

איהרע אַרבייטער (אויף די אייזענבאַהנען, אין די ארסענאַלען, וואו מען מאַכט געוועהר, פּאָסט און טעלעגראַף א. ז. וו.) נאָך מעהר, איידער געוועהנ-ליכע קאַפּיטאַליסטען. אין פראַנקרייך האָבען די אַרבייטער אין די מלוכה אונטערנעהמונגען אַלע רעכטען, ווי געוועהנליכע אַרבייטער. דיזע אונטער-נעהמונגען געפינען זיך אויך אונטער דער אויפזיכט פון די אינספעק-טאָרען. גאַנץ אַנדערס איז דאָס אין דייטשלאַנד: מיליאָנען אַרבייטער, וואָס זיינען פערנומען ביי דער מלוכה, שטעהען אויסער דעם געזעץ. דערפאַר דאַרפען מיר ניט פערגעסען צו פאָדערען, אַז די אַרבייטער (און ניעדערע בעאַמטע) אין די מלוכה-אונטערנעהמונגען זאָלען געניסען דעם זעלבען שוץ פון דער אַרבייטער געזעצגעבונג, ווי געוועהנליכע אַרבייטער. מיר פאָדערען נאָך, אַז אין דער פאַבריק-אינספעקציע זאָלען זיין ניט נור מענער, נור פרויען אויך, בעזונדערס איז דאָס וויכטיג פאַר די אונטערנעהמונגען, וואו עס אַרבייטען פרויען, ווייל די אינספעקטריסען וועלען בעסער קענען אַריינגעהען אין די לאַגע פון די אַרבייטערינען.

## 2) קרימינעלע פעראַנטוואָרטליכקייט פון די אונטערנעהמער.

אויב אַ אונטערנעהמער וועט עובר זיין אַ׳ן ארבייטערגעזעץ, דאַרף דאָס זיין אַ קרימינעלער פערברעכען, ד. ה. ער קען ניט פטור ווערען מיט געלד-שטראָף, נור דאָס דאַרף זיין אַ פערברעכען ווי גנבה, פאַלשע שבועה א. ז. וו. און אין אמת׳ן, מיט וואָס איז אַ פאַבריקאַנט, וואָס פיהרט ניט אַריין טעכנישע פערבעסערונגען, וואָס פערהיט ניט קיין אונ-גליקען, צושטערט דעם לעבען און די געזונדהייט פון די אַרבייטער — מיט וואָס איז ער בעסערפאַר אַ געוועהנליכען גזלן? און דער פאַב-ריקאַנט, וואָס צאָהלט מיט סחורות אנשטאָט געלד א. ז. וו. —מיט וואָס איז ער בעסער פאַר אַ געוועהנליכען גנב?

## 3) געווערבע-געריכטען.

אין יעדען אַרבייטס צווייג מוזען איינגעפיהרט ווערען געווערבע געריכטען, וועלכע זאָלען זיין צוזאַמענגעזעצט פון אַ גלייכער צאָהל פאָרשטעהער פון די אַרבייטער און די אַרבייטגעבער. דיזע געריכטען דאַרפען פאַנאַנדערקלייבען געוויסע קלענערע סכסוכים צווישען די אַרביי טער און זייערע בעלי-הבתים.

## 4) אַרבייטער-בירזשען.

די אָרטספערוואַלטונג דאַרף אויסהאַלטען אַרבייטער בירזשען, ד. ה. פערמיטלונגס-קאָנטאָרען צו העלפען די אַרבייטער געפינען אַרבייט. גע-פינען זיך די בירזשען אין די הענד פון די קאַפּיטאַליסטען, איז דאָס פאַר די אַרבייטער ניט גוט: מען פערשרייבט ניט אַלעמען, מען פער-טיילט די שטעלען ניט נאָך׳ן סדר נאָך, ווי די אַרבייטער האָבען זיך פערשריעבען, מען גיט אַ שטרייקברעכער אַרבייט פריהער, איידער אַ עהרליכען מענשען. דערפאַר דאַרפען די אַרבייטער-בירזשען אויסגעהאַל-טען ווערען פון דער ארטספערוואַלטונג און אין זיי דאַרפען אַריינגעהן פאָרשטעהער פון די אַרבייטער-אָרגאַניזאַציעס.

## 5) אַרבייטס-מיניסטעריום.

עס דאַרף זיין אַ מיניסטעריום, וועלכע זאָל קלייבען נויטיגע מאַ

טעריאַלען, ציפֿערן, וועלכע זאָל ניט זשאַלאַווען קיין געלד און געפֿינען מיטלען (דורך וויסענשאַפֿטליכע קאָמיסיעס), ווי צו פֿערהיטען דעם געזונד פֿון די אַרבייטער א. ז. וו. עס דאַרף זיין אַ פֿעראַנטוואָרטליכער מיניסטער, ביי וועמען די סאָציאַלדעמאָקראַטישע דעפּוטאַטען זאָלען אין פּאַרלאַמענט קענען פֿאָדערען דין וחשבון פֿאַר אַלץ, וואָס קומט פֿאָר מיט די אַרבייטער. איצטער איז ניטאָ ביי וועמען צו מאָנען: דער מיניסטער פֿון אינערן, דער פֿינאַנץ-מיניסטער, דער מיניסטער פֿון האַנדעל — יעדער שיקט אָב איינער צום אַנדערן.

## 6) אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער־שוץ.

די קאַפּיטאַליסטען האָבען געוועהנליך אַ׳ן אויסרייד: מיר קענען ניט איינפֿיהרען קיין פֿערבעסערונגען, וואָרים דאַן וועט אונז די אַרבייט קאָסטען טייערער איידער דעם קאַפּיטאַליסט אין אויסלאַנד, און מיר וועלען ניט קענען אויסהאַלטען די קאָנקורענץ. כדי די קאַפּיטאַליסטען זאָלען דעם אויסרייד ניט האָבען, פֿאָדערען מיר, אַז די רעגירונגען זאָלען אָבהאַלטען קאָנפֿערענצען און אויסאַרבייטען אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטערגעזעצען.

---

# די רעכטען פֿון אויסלענדער.

מיר האָבען געזעהן אין דער גאַנצער שריפֿט וועגען רוסישע בירגער און בירגערינגען, וואָס פֿאַר פּאָליטישע און בירגערליכע רעכטען זיי דאַרפֿען האָבען אין׳ם פֿרייען רוסלאַנד. אינדוסטריע און מסחר זיינען איצטער אַזוי פֿערברייטעט, אַז זיי ווילען ניט וויסען פֿון מלוכה-גרענעצען; טויזענדער סוחרים און קאָמי-וואָיאַזשאָרען, הונדערט-טויזענדע אַרבייטער פֿאָהרען אַריבער אין פֿרעמדע לענדער, בלייבען דאָרטען אויף אַלעמאָל אָדער נור אויף אַ געוויסע צייט. וואָס פֿאַר רעכטען דאַרפֿען האָבען די אויסלענדער? אין דער קאָנסטיטוציע דאַרף בפֿירוש געזאָגט ווערען, אַז די אויסלענדער שטעהען אונטער דעם שוץ פֿון די געזעצען, אַז אַלע פֿרייהייטען און רעכטען, וועלכע ס׳ געהערען אַלע בירגער, געהערען דעם אויסלענדער אויך, ד. ה. זיין פּערזענליכע פֿרייהייט איז פֿערזיכערט, זיין וואָהנונג איז פֿערזיכערט פֿון הויזזוכונגען, מען קען איהם פֿון לאַנד ניט אַרויסשיקען, און אויב אפילו ער האָט בעגאַנגען אַ פֿערברעכען, קען ער אויך פֿאָדערען, אַז מען זאָל איהם משפּט׳ן נאָך די געזעצען פֿון לאַנד און מען זאָל איהם ניט אַרויסשיקען. וועגען זיינע פּאָליטישע רעכטען, אָבגעבען די שטימע ביי וואַהלען א. ז. וו. דאַרף אויך זיין פֿעסט בעשטימט, אַז אויב ער לעבט נאָך אָב אַ געוויסע צייט אין לאַנד, האָט ער אַלע רעכטען.

מיר זעהען אפילו אין די קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער, אַז פֿאַר די אויסלענדער גילטען כמעט ניט די געוועהנליכע געזעצען. אין דייטשלאַנד למשל, און בעזונדערס אין פּרייסען, זיינען די אויסלענדער אין גאַנצען אין די הענד פֿון דער פּאָליציי, וואָס זי וויל טוהט זי מיט זיי. עס פֿערשטעהט זיך, אַז ניט אַלע אויסלענדער ווערען גלייך בעהאַנדעלט; מיט רייכע טוהט מען גאָר נישט; פֿערקעהרט, מען טאַנצט נאָך אַרום זיי אַרום; אָבער פֿערפֿאָלגט ווערען דאָרטען פּראָלעטאַריער, סאָציאַלדעמאָקראַטען; די רעגירונג וואָלט וועלען דערטרינקען אין אַ לעפֿעל וואַסער די איינענע סאָציאַלדעמאָקראַטען און דאָ קומען נאָך פֿרעמדע, נו, צערעמאָניעט מען זיך מיט זיי ניט! אין פּרייסען שפּיאָנירט מען די רוסישע שטודענטען און אַרבייטער, מען לייענט זייערע בריעף, מען מאַכט ביי זיי הויז-

זוכונגען, מען שיקט זיי אַרויס א. ז. וו. גאַנץ זיכער קען זיך אַ אויס-לענדישער רעוואָלוציאָנער כמעט ערגעץ ניט פיהלען; די רעגירונגען גיבען אַרויס געזעצען געגען אַנאַרכיסטען, כדי צו האָבען אין האַנד יעדען איסלענדישען רעוואָלוציאָנער. מיר וועלען אונזערע קרעפטען אָנווענדען אַז אין פרייען רוסלאַנד זאָלען זיך איסלענדער פיהלען אַזוי ווי אין דערהיים.

# עטליכע ווערטער צום שלום.

„גיך איז אַ מעשה צו דערציילען, אָבער ניט גיך ווערט די ארבייט געמאַכט" — זאָגט אַ רוסישער שפריכוואָרט. מיר האָבען אַרומגערעדט אונזער פראָגראַם-מינימום, אָבער עס וועט פערגאָסען ווערען פיעל הייליגע בלוט פון פראָלעטאַריאַט, עס וועלען פאַלען טויזענדע און מי-ליאָנען פון אונשולדיגע קרבנות, ביז אונזערע פאָדערונגען וועלען ערפילט ווערען. די פערווירקליכונג פון אונזער פראָגראַם וועט פאָרקומען אַלץ גיכער און לייכטער, וואָס מעהר דער קלאַסענבעוואוסטזיין וועט זיין ענטוויקעלט ביי דעם פראָלעטאַריאַט, וואָס פעסטער ער וועט צושטע-הען צו זיין סאָציאַלדעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס טיעפער ער וועט איינדרינגען אין דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל. דאַן וועט דער פראָ-לעטאַריאַט ניט צו שפאַלטען זיינע קרעפטען, ניט קעמפפען נור געגען איין מין אונטערדריקונג, נור פיהרען אַ'ן ענטשיעדענעם קאַמפף מיט דער גאַנצער בורזשואַזער געזעלשאַפט אין אַלע איהרע ווינקעלעך.

מיר האָבען איינגעטיילט אונזער פראָגראַם אין טיילען, אין יעדען טייל האָבען מיר גערעדט וועגען אַנדערע פאָדערונגען; דאָס האָבען מיר געטאָן, כדי עס זאָל קלאָרער און לייכטער זיין זיי צו פערשטעהען. דער לעבען וויל אָבער פון אַזאַ צערגלידערונג ניט וויסען: די אַרבייטער קענען ניט זאָגען: מיר וועלען פריהער עקאָנאָמיש פערבעסערען אונ-זער לאַגע און דערנאָך אָנהייבען אַ פאָליטישען קאַמפף, אָדער מיר וועלען אונז אַ פריהער נאַציאָנאַל בעפרייען און דערנאָך קעמפפען פאַר'ן סאָציאַליזם. דער ענטוויקעלטער פראָלעטאַריער וועט פיהרען דעם קאַמפף צו גלייכער צייט אויף אַלע געביעטען פון געזעלשאַפטליכען לעבען, ער וועט פעראייניגען אין זיין מוח די פאָדערונגען, וועלכע מיר האָבען צושפאָלטען אין פערשיעדענע טיילען, ער וועט אַרויסטרעטען אויף דאָס שלאַכטפעלד מיט דעם הייליגען רוף: עס לעבע דער אַלגעמיינער אידישער אַרבייטער בונד! עס לעבע די סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד! עס לעבע די אינטערנאַציאָנאַלע, פעלקער-בעפרייענדע סאָציאַלדעמאָקראַטיע!

ע נ ד ע.

# די וויכטיגסטע דרוק־פֿעהלער:

| זייטע | שורה | געדרוקט | עס דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 18 | 16 פֿון אונטען | זאַ | אַז |
| 34 | 9 פֿון אויבען | די מלוכה האַלטען מיר אויס, „זאָגען | „די מלוכה האַלטע מיר, אויס—זאָגען |
| 34 | 24 " | ר דער | רודער |
| 35 | 9 פֿון אינטען | עגב | אגב |
| 36 | 9 " | לס | עס |
| 47 | 22 " | א נטער | אונטער |
| 48 | 21 פֿון אויבען | „בווד" | „בונד" |
| 51 | 2 " | מסרה | מתרה |
| — | 5 " | " | " |
| 53 | 5 " | דאָ ווילען מיר זיך ניט אָבשטעלען | דאָ ווילען מיר זיך אָבשטעלען |
| 59 | 17 פֿון אונטען | האַנ עלס | האַנדעלס |
| 60 | 22 " | ער האָט | ער האָט. |
| 63 | 17 פֿון אויבען | די רעגירונג אין די אָרטספֿערוואַלטונג | די רעגירונג און די אָרטספֿערוואַלטונג |
| 64 | 3 פֿון אינטען | נגעוע | נוגע |

# אינהאלט: